ד״ר יצחק שפּיראַ

# מײַן בוך

א לייען- און איבונגס-בוך
פאַרן ערשטן לערניאָר



מיט אַן אַרײַנפיר פאַרן לערער



אַרויסגעגעבן פונם צענטראַל-קאָמיטעט פון די
יידישע פאָלקס-שולן אין אַמעריקע און קאַנאַדע

# אַרײַנפיר

## I. וועגן עטלעכע אַנדערשקייטן

דאָס דאָזיקע בוך איז אין עטלעכע וויכטיקע פּרטים אַנדערש פון די אָנפאַנגער־ביכלעך, מיט וועלכע מען באַנוצט זיך ביז איצט אין די אידיש־וועלטלעכע שולן.

1) ווײַל מיר ווילן אויסמײַדן, אַז די קינדער זאָלן אָנהייבן אי מיט די געדרוקטע אי מיט די געשריבענע אותיות אויף אַמאָל; און ווײַל מיר האַלטן פאַר בויטיק, אַז זיי זאָלן נוצן דעם בלײַפעדער פונם ערשטן טאָג אָן, ברענגען מיר אין די ערשטע 20 לעקציעס פונם בוך בלויז געשריבענעם מאַטעריאַל.

ערשט ווען די קינדער קענען שוין לייענען און זיך אויך באַנוצן מיט אַלע געשריבענע אותיות, גייען מיר איבער צו געדרוקטער שריפט.

2) כדי לײַכטער צו מאַכן דאָס לייענען און אויך כדי צוצוגעוויינען דעם תּלמיד, די אידישע ווערטער קלאָר און דײַטלעך אַרויסצורײדן, דרוקן מיר אַלע מער־טראַפּיקע ווערטער מיט קלײנע אָפּשטאַנדן צווישן די באַזונדערע טראַפּן. די דאָזיקע אָפּשטאַנדן האַלטן מיר אָן אַזוי לאַנג, ביז די קינדער דערגרייכן די פעאיקייט קלאָר און ריכטיק צו לייענען אויך אָן דער הילף פון די אָפּשטאַנד־צייכנס.

3) מיר באַנוצן זיך מיט אַ גרויסער צאָל העברעאישע עלעמענטן, בפרט ווען מיר באַהאַנדלען די אידישע ימים־טובים — אָנהייבנדיק מיט חנוכה און פאַרענדיקנדיק מיט שבועות. כדי אָבער מעגלעך צו מאַכן, אַז די קינדער זאָלן די העברעאישע עלעמענטן קענען לייענען אָן שוועריקייטן, גיבן מיר אַלע העב־רעאישע ווערטער אין אידישער טראַנסקריפּציע, אַרײַנשטעלנדיק יעדעס מאָל דאָס אָריגינעלע העברעאישע וואָרט אין קלאַמערן. ערשט פון דער 69־סטער לעקציע אָן (וועלכע קומט בערך עטלעכע וואָכן פאַר פּסח, ווען די קינדער פון אונזערע שולן האָבן זיך דערווײַל, אַ דאַנק דעם לימוד פון העברעאיש, שוין אויסגעלערנט לייענען העברעאישע ווערטער מיט נקודות), דרוקן מיר די העב־רעאישע עלעמענטן, נאָך אַ גרינטלעכער צוגרייטונג און לענגערע איבונגען (ווי אין לעקציע 69), מיטן העברעאישן אויסלייג.

4)  דער אינהאַלט פונם בוך איז כמעט אינגאַנצן אַ אידישער. ער דרייט זיך הויפּטזעכלעך אַרום צוויי קינדערלעך פון אַ אידישער משפּחה אין אַמעריקע. ער באַגלייט זיי אין דער אידישער שול אַריין און — אין פאַרבינדונג מיט די לויפנדיקע פיר צייטן פונם יאָר — ווערן דורכגענומען אַלע אידישע ימים־טובים, וואָס פאַלן אויס אין אָט דער צייט.

פאַרשטייט זיך, אַז די ימים־טובים ראש השנה, יום כפור, סכות און שמחת תורה, וועלכע פאַלן אויס ביים סאַמע אָנהייב פונם לערניאָר, ווען די קינדער הייבן ערשט אָן צו לערנען, מוזן גענומען ווערן ערשט אין צווייטן קלאַס.

5)  אין בוך געפינט זיך אַ רייכער מאַטעריאַל פאַר שפּראַך־ און אויסלייג־איבונגען מיט די פאַרשיידענע מינים ווערטער, ביי וועלכע אונזערע תלמידים ווערן אַזוי אָפט געשטרויכלט. איבערהויפּט ביי די ווערטער מיט די ווייכע קלאַנגען טאָר מען, צוליב דער ריינקייט פון דער אידישער אויסשפּראַך, ניט שפּאָרן קיין מי. צו די אַנטשפּרעכנדיקע לעקציעס (87 און 88) מוז דערפאַר געווידמעט ווערן אַ סך צייט און אויפמערקזאַמקייט.

## II. וועגן דעם אופן פון לערנען אידיש אין ערשטן קלאַס

מיר האָבן ליידער נישט קיין אַלגעמיין אָנגענומענעם מעטאָד פאַרן לימוד פון אידיש אין די אָנפאַנגער־קלאַסן. יעדער לערער גייט זיך זיין אייגענעם וועג, געשטיצט אויף זיינע אייגענע דערפאַרונגען.

איז שוין לאַנג צייט, אַז מיר זאָלן אָט די אַלע וועגן און דערפאַרונגען צו־נויפזאַמלען, פאַרגלייכן און אָפּשאַצן, כדי סוף־כל־סוף אויסצואַרבעטן אַן איינ־הייטלעכן מעטאָד פאַר אונזער אידיש־לימוד.

איז ווי אַ ביישטייער צו דער אַרבעט, וועלכע ווערט, ווי מיר האָפן, דאָך אַמאָל געטאָן ווערן, ווילן מיר דאָ בקיצור נמרץ איבערגעבן, ווי מיר פירן אָן דעם לימוד אידיש אינם ערשטן לערניאָר.

### 1. לערן־מכשירים

פאַר די קינדער, וועלכע קומען אַריין אין ערשטן קלאַס, האָבן מיר שוין פון פריער צוגעגרייט די פאָלגנדיקע לערן־מכשירים:

א)  איבערן שרייב־טאָוול הענגט אויף דער וואַנט אַ גרויסער קאַרטאָן־טאָוול (22×28 אינטש), אויף וועלכן עס געפינען זיך אַלע געשריבענע אידישע אותיות אינם פאָלגנדיקן סדר:



די אותיות זיינען אַזוי גרויס, אַז מען זעט זיי דייטלעך פון דער לעצטער באַנק פון קלאַס־צימער. ווי מען זעט, געפינט זיך לעבן יעדן אות אַ פּינטעלע. דאָס דאָזיקע פּינטעלע איז געמאַכט מיט רויטער טינט און האָט בלויז דעם צוועק אָנצואווייזן, אַז די אותיות דאַרף מען אָנהייבן צו שרייבן פון דער זייט, וואו עס געפינט זיך דאָס רויטע פּינטעלע. לעבן דעם טאָוול מיט די געשריבענע אותיות געפינט זיך אויך אַ גלייך־גרויסער טאָוול מיט די געדרוקטע אותיות, אויך אין דער זעלבער אָרדענונג.

ב) אַ גרעסערע צאָל קליינע „שרייב־טאָוועלעך" (אין דער גרייס פון אַ האַלבן בויגן בריוו־פּאַפּיר), וועלכע זיינען אַ קאָפּיע פונם גרויסן, געשריבענעם אותיות־טאָוול, אָבער אָן די אותיות אי, אײַ, אײ, או, אוי; אָן די סוף־אותיות און אויך אָן די צוזאַמענגעזעצטע אותיות. אויך די קליינע טאָוועלעך האָבן לעבן יעדן אות אַ רויט פּינטעלע.

ג) אותיות און ווערטער־קאַרטלעך (Flashcards): מיר האָבן קאַרט־לעך מיט די באַזונדערע מינים אותיות (פון איין זייט געשריבן און פון

דער אַנדערער זייט געדרוקט). אויך גרופּעס פֿאַרשיידענע ווערטער־קאַרט־לעך, אָנהייבנדיק מיט די לײַכטסטע ווערטער, ווי: ביי, גיי, דו, ווי, זי, צו, קו, שאַ און ענלעכע; דאַן מיט ווערטער ווי: טאַטע, מאַמע, גוטע, שיינע; ווער, וואָס, גוט, גייט, זעט און אַזוי מיט מער קאָמפּליצירטערע ווערטער־גרופּעס.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די מערסטע ווערטער זײַנען גענומען פֿון די לייען־מאַטעריאַלן, וואָס מ׳וועט באַלד נוצן אין קלאַס.

ד) אַ גרויסע קאָלעקציע בילדער, אַלע אויפֿגעקלעפּט אויף גלײַך־גרויסע טאָוועלעך קאַרטאָן־פּאַפּיר. פֿון אָט דער בילדער־קאָלעקציע זוכן מיר יעדעס מאָל אַרויס די בילדער, אין וועלכע מיר נויטיקן זיך פֿאַר די געפּלאַנטע שמועסן און שפּראַך־איבונגען; בעיקר אָבער יענע בילדער, מיט וועלכע מיר באַנוצן זיך פֿאַר דער קענטעניש פֿונם וואָקאַבולאַר, וועלכן מיר וועלן באַלד באַגעגענען אין די קומענדיקע לעקציעס פֿונם בוך.

ה) אַ צאָל בילדער־לאָטאָס, וועלכע דערמעגלעכן, אַז די קינדער זאָלן, אין דער פֿאָרם פֿון אַ שפּיל, שוין פֿון דעם ערשטן טאָג אָן קלאָר און דײַטלעך אַרויס־רעדן צענדליקער גוט פֿאַרשטאַנענע אידישע ווערטער און זאָצן — ווײַל יעדעס וואָרט און יעדער זאַץ ווערן יעדעס מאָל אַרויסגערעדט אין דער באַגלייטונג פֿון אַן אַנטשפּרעכנדיק בילד.

נאָך אַנדערע מכשירים פֿאַרן ערשטן קלאַס וועלן מיר שפּעטער דערמאָנען.

## 2. דער ערשטער טאָג אין שול

די סאַמע ערשטע אַרבעטן פֿונם ערשטן טאָג אין שול זײַנען די פֿאָלגנדיקע:

א) דער לערער ווײַזט די קינדער דעם געשריבענעם אותיות־טאָוול אויף דער וואַנט און לייענט, קלאָר און שאַרף, אַלע אַכט וואָקאַלן. צוזאַמען מיט די קינדער ווערט דאָס זעלבע עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. דאַן לייענט דער לע־רער, קלאָר און שאַרף, אַלע קאָנסאָנאַנטן און חזרט זיי איבער איין מאָל אָדער צוויי מאָל מיטן גאַנצן קלאַס (מ׳קען צו ביידע מינים אותיות צופּאַסן אַ לײַכטע מעלאָדיע. אין דעם פֿאַל ווערן זיי אויך עטלעכע מאָל איבערגעזונגען).

אָט דאָס איז דער ערשטער שריט פֿונם ערשטן טאָג אין שול. די גאַנצע אַרבעט דויערט ניט מער ווי פֿון 10 ביז 12 מינוט.

דאָ אָבער מוזן מיר מאַכן עטלעכע גאָר וויכטיקע באַמערקונגען: מיר לייענען ניט די נעמען פֿון די אותיות, נאָר זייערע קלאַנגען. די אַכט וואָקאַלן לייענען מיר (אין דייטשער טראַנסקריפּציע) אַזוי:

a, o, e, i, aj, ej, u, oj.

די קאָנסאָנאַנטן לייענען מיר (אין דייטשער טראַנסקריפּציע) אַזוי:

by, gy, dy, hy, wy, zy,
ty, jy chy, ly, my,
ny, sy, py, fy,
cy, ky, ry, schy.

אַזוי אַרום, לייענען מיר די קאָנסאָנאַנטן תמיד מיט אַ צוגעגעבענעם וואָקאַל־קלאַנג y (אין דייטשער טראַנסקריפּציע), ניט el, em, en, נאָר תמיד ly, my, ny און אַזוי ווייטער.

און אַזוי זיינען מיר זיך אויך נוהג ביי די אויסלייג־איבונגען. מיר לייגן אויס טאַטע: ty—a—ty—e, מאַמע: my—a—my—e, אויף: oj—fy, אייזן: aj—zy—ny, און אַזוי ווייטער.

וועגן די סיבות, וואָס האָבן אונז געבראַכט צו אָט דעם איינפיר, געפינט זיך אין זשורנאַל „אידישע דערציאונג" (נומער צוויי, מערץ 1937) אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג.

די אָנגענומענע נעמען פון די אותיות פירן מיר ערשט אַריין, ווען מיר הייבן אָן צו לערנען העברעאיש.

ב) שרייבן. יעדעס קינד באַקומט אַ שרייב־טאָוועלע צוזאַמען מיט אַ גרעסערער צאָל בייגעלעך דורכזיכטיק פּאַפּיר (אין דער גרייס פונם טאָוועלע). אויפן דורכזיכטיקן פּאַפּיר, וואָס מ'לייגט אַרויף אויף די טאָוועלעך, שרייבן די קינדער אַלע אותיות (דערביי דערקלערט דער לערער, אַז מ'הייבט אָן צו שרייבן יעדעס אות לעבן רויטן פּינטעלע).

אויף די דאָזיקע אַרבעט דויערט בלויז פון 10 ביז 15 מינוט, אָבער אין משך פון אָט דער צייט האָבן אַלע קינדער, מיט גרויס חשק, אַרום צען אָדער צוועלף מאָל פולשטענדיק קאָרעקט איבערגעשריבן אַלע אותיות.

ג) שפּראַך־איבונגען מיט בילדער. מיר נעמען די ערשטע 15 אָדער 20 בילדער, אויסגעקליבן לויט אַ פּלאַן, ווי אויבן דערמאָנט. דער לערער הייבט אויף דאָס ערשטע בילד און זאָגט, למשל: דאָס איז אַ באַל . . ., און דער גאַנצער קלאַס חזר'ט איבער, אינאיינעם מיטן לערער, דעם זעלבן זאַץ. און אַזוי מיט די אַנדערע בילדער. די דאָזיקע שפּראַך־איבונג איז לחלוטין ניט אַזוי לאַנגווייליק, ווי ס'קען זיך אויסדאַכטן אויפן ערשטן בליק. ווען דער לערער פרעגט, באַלד נאָך דער ערשטער איבונג: ווער וויל זיין אַ לערער? ווער וויל טאָן די זעלבע זאַך? — הייבן זיך שוין גלייך אויף עטלעכע הענטלעך; קומט איצט אַרויס אַ קינד, פאַרנעמט דעם לערערס פּלאַץ און פירט דורך די זעלבע שפּראַך־איבונג. דערביי מוזן די איבונג־זאַצן ניט בלייבן אין זייער ערשטער פאָרם. אויפן פאַרלאַנג פונם לערער וועט שוין דאָס צווייטע קינד מאַכן זאַצן מיט: „איך האָב אַ באַל", דאָס דריטע מיט: „מיין ברודער האָט אַ באַל" א. אַ. וו.

גאָר דערפאָלגרייך זיינען די דאָזיקע ערשטע שפּראַך־איבונגען, ווען זיי ווערן געמאַכט מיט בילדער, וועלכע שטעלן פאָר געגנשטאַנדן (און אויך האַנדלונגען), וואָס זייער אידישער וואָקאַבולאַר פאַלט צונויף מיטן ענגלישן (פינגער, ליפּ, בער,

עפּל; וואַשן, זינגען, שווימען). אויך פֿאַר דער דאָזיקער אַרבעט גיבן מיר ניט מער ווי פֿון 15 ביז 20 מינוט.

ד) אויסלייג־איבונגען. איצט מאַכן מיר עטלעכע מינוט צייט אויסלייג־איבונגען. ווען מיר פֿרעגן די קינדער: ווי שרייבט מען באַ? — ווייסן זיי נאַטירלעך ניט וואָס צו ענטפֿערן. זאָגט דער לערער: באַ — ב אַ; באָ — ב אָ; בע — ב ע; און ווי שנעל עס קומט צו בי, פֿאַלן שוין די קינדער אַליין אַריין מיט ב י און אַזוי אויך מיט אַלע אַנדערע קאָמבינאַציעס פֿון קאָנסאָנאַנט און וואָקאַל.

ממש נאָך אַ מינוט צייט קענען שוין די מערסטע קינדער אויסלייגן אַלע ווערטער, ווי: בײַ, גיי, זי, צו, קו, שאַ און אַזוי ווייטער. דערמיט איז אָבער אויך שוין אַוועקגעלייגט געוואָרן דער יסוד פֿאַר די אויסלייג־איבונגען מיט די אַנדערע ווערטער־גרופּעס.

ה) בילדער־לאָטאָס. אין שולן מיט אַ לערן־צייט פֿון אַ שעה און אַ האַלב טעגלעך פֿאַר יעדן קלאַס איז נאָך אַלץ געבליבן אַ סך צייט. פֿאַרווענדן מיר אָט די צייט פֿאַר שפּילן מיט בילדער־לאָטאָס. פֿאַר די קינדער איז עס אַ שפּיל, פֿון וועלכן מען קען זיי פּשוט ניט אָפּרייסן, אין דער אמת'ן אָבער איז עס איינער פֿון די סאַמע אינטענסיווסטע מיטלען פֿאַר וואָקאַבולאַרער באַרייכערונג, פֿאַר גוטער און קלאָרער אויסשפּראַך, און אַפֿילו פֿאַר אַ גוטן גראַמאַטישן זאַצבוי. די פֿראַגע איז נאָר, וואו נעמט מען אַזעלכע בילדער־לאָטאָס פֿאַר אונזערע שולן?

ו) היימאַרבעט. מיר האָבן באַשריבן דעם ערשטן טאָג לערנען. געווײַנטלעך פֿאַרענדיקן מיר יעדן לערנטאָג מיט איבערזינגען די וואָקאַלן און די קאָנסאָנאַנטן. אָבער ווער וויל שרײַבן אין דער היים? אַ דאַנק די שרײַבטאָוועלעך מיטן דורכזיכטיקן פּאַפּיר האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט געטראָפֿן, אַז אַ קינד זאָל זיך אָפּזאָגן צו מאַכן היימאַרבעט. אַלע קינדער, אָן אויסנאַם, נעמען אַהיים און ברענגען מאָרגן צוריק דאָס טאָוועלע מיט ווייניקסטנס פֿינף באַשרײַבענע בייגעלעך פּאַפּיר.

## 3. די ווייטערדיקע טעג ביז צום לייענבוך

אין די ווייטערדיקע טעג פֿירן מיר אָן דעם לימוד אויפֿן זעלבן שטייגער ווי אין ערשטן לערנטאָג. עס קומען אָבער צו עטלעכע פֿאַרברייטונגען און צוגאָבן.

א) צום טאָג־טעגלעכן קאָלעקטיוון איבער'חזר'ן (און איבערזינגען) פֿון די וואָקאַלן און קאָנסאָנאַנטן קומט איצט צו דאָס איבערזאָגן פֿון די דאָזיקע אותיות־גרופּעס אויך דורך איינציקע קינדער. אויף אַ „קאָנטראָל־טאָוול", אויף וועלכן עס געפֿינען זיך די נעמען פֿון די קינדער, גיבן מיר אַ פּלוס־צייכן פֿאַר קענען אויסרעכענען אַלע וואָקאַלן, פֿאַר אויסרעכענען אַלע קאָנסאָנאַנטן, דערנאָך, פֿאַר לייענען (פֿון קאַרטלעך) די פֿאַרשיידענע אותיות־גרופּעס, ווערטער־גרופּעס א. אַ. וו.

דער דאַזיקער קאָנטראָל־טאָוול איז, אַגב, זייער ווערטפול ניט בלויז פאַרן לערער (ווייל ער ווייזט אים כסדר אָן, וואו עס האַלט מיט יעדן קינד), נאָר אויך צוליב זיין דירעקטער השפעה אויף די קינדער גופא. כדי צו באַקומען די פּלוסן, קומען די מערסטע קינדער פריער אין שול אַריין, זיי נעמען זיך די אַנטשפּרעכנדיקע מאַטעריאַלן און גרייטן זיך צו פאַרן קומענדיקן טעסט.

ב) צו די אויסלייג־איבונגען פונם ערשטן טאָג קומען צו איבונגען מיט ווייטערדיקע ווערטער־גרופּעס. די דאָזיקע איבונגען זיינען שטענדיק קאָלעקטיוו, אָבער יעדן טאָג הערן מיר אויך אויס צו עטלעכע איינציקע קינדער.

אַז אַ קינד לייגט ריכטיק אויס אַ געוויסע ווערטער־גרופּע, באַקומט עס דערפאַר אַ באַשטימטן פּלוס־צייכן אויפן קאָנטראָל־טאָוול, וואָס מיינט אָבער אויך גלייכצייטיק, אַז דער תלמיד קען אויסלייגן ניט בלויז די 20 ווערטער פון די קאַרטלעך, נאָר פּאַקטיש אויך אַלע אידישע ווערטער פון אָט דעם משקל. ווען איינער אָדער עטלעכע פּלוס־צייכנס זיינען שוין דערגרייכט געוואָרן דורך אַלע תלמידים, דאַן ווייסט דער לערער, אַז ער דאַרף זיך מיט דעם טייל פון די איבונגען מער ניט פאַרנעמען. (אַגב, אויך די אויסלייג־איבונגען מוזן ניט אָנגעפירט ווערן בלויז דורכן לערער. אַזוי שנעל ווי אַ תלמיד קען לייענען אַ גרופּע ווערטער־קאַרטלעך, פאַרנעמט ער בעת די אויסלייג־איבונגען פון אָט דער גרופּע דעם לערערס פּלאַץ).

ג) שרייבן. עטלעכע טעג האַלטן מיר אָן דאָס שרייבן אויף דורכזיכטיק פּאַפּיר, מיט דער הילף פונם שרייב־טאָוועלע, סיי פאַרן שרייבן אין קלאַס און סיי פאַר דער היימאַרבעט. אָבער נאָך עטלעכע טעג פאַרלירן די קינדער דעם חשק צו שרייבן די זעלבע אותיות. האָבן מיר צוליב דעם צוגעגרייט אַ גרויסע צאָל שרייב־טאָוועלעך מיט ווערטער און מיט לייכטע זאַצן. און אָט די טאָוועלעך, נאָך אַלץ מיט דורכזיכטיק פּאַפּיר, נוצן מיר דאַן סיי פאַרן טעגלעכן שרייבן אין קלאַס און סיי פאַר דער היימאַרבעט. צו שרייבן אין העפטן הייבן מיר ערשט אָן אין עטלעכע וואָכן אַרום, נאָכדעם ווי כמעט אַלע קינדער האָבן זיך שוין דערוואָרבן די פעאיקייט אַלע אותיות קאָרעקט און זעלבשטענדיק צו שרייבן.

ד) אויך די שפּראַך־איבונגען מיט בילדער ווערן מיט יעדן טאָג אַלץ מער פאַרברייטערט און פאַרטיפט. מיר גיבן כסדר צו נייע בילדער און מיר נוצן כסדר אַלץ נייע פאָרמען פון אויסדרוק. מיט דער הילף פון אַ גוטער בילדער־קאָלעקציע זיינען די מעגלעכקייטן פון וואָקאַבולאַר און שפּראַכלעכער באַרייכערונג ממש אין לשער!

ה) דאָס פריער געזאָגטע איז פונקט אַזוי ריכטיק וועגן שפּילן מיט די בילדער־לאָטאָס. דעם ערשטן טאָג האָבן מיר טאַקע גענוצט אַזעלכע איינפאַכע זאַצן ווי: „דאָס איז אַ טיש”; „איך האָב אַ בלייפעדער”, אין די ווייטערדיקע טעג אָבער קען מען מיט די זעלבע לאָטאָ־בילדער איבערגיין צו זאַצן, וואָס באַרייכערן

אי דעם וואָקאַבולאַר אי די פאַרשיידנאַרטיקסטע גראַמאַטישע פאָרמען פון איינ־פאַכע און אַפילו צוזאַמענגעזעצטע זאַצן.

פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף כסדר אין זינען האָבן דעם ניווא פון דעם קלאַס און אויך די צילן, וואָס דער לערער שטעלט זיך אויף יעדער שטופע פונעם שפּראַך־לימוד.

## 4. פונעם לייענבוך און ווייטער

נאָך דריי וואָכן בערך נעמען מיר אַריין אין קלאַס דאָס ערשטע לייענבוך (ביז איצט האָבן מיר זיך באַנוצט מיט מימיאָגראַפירטע מאַטעריאַלן).

וואו האַלטן איצט די קינדער נאָך דריי וואָכן לערנען? — די קינדער קענען שוין איצט כמעט אַלע אותיות (אַחוץ דעם שטומען אַלף און די סוף־אותיות). זיי האָבן די דאָזיקע אותיות שוין הונדערטער מאָל געזען, אַרויסגערעדט, געזוכט און געשריבן. זיי קענען שוין אויסלייגן אַ סך הונדערטער ווערטער, און צווישן זיי, פאַרשטייט זיך, אויך די מערסטע ווערטער, וועלכע זיי וועלן באַלד באַגעגענען אין בוך. אַ דאַנק די איבונגען מיט די ווערטער־קאַרטלעך קענען זיי לייכט און באַוואוסטזיניק לייענען אַ גרויסע צאָל אידישע ווערטער.

צוליב די כסדרדיקע איבונגען מיט בילדער און לאָטאָס קענען זיי שוין כמעט דעם גאַנצן וואָקאַבולאַר פון די ערשטע לעקציעס אינעם בוך. דער רעזולטאַט פון דער ביז־איצטיקער אַרבעט איז בכן, אַז סיי מיטן לייענען און סיי מיט דער שפּראַך פונעם בוך האָבן די קינדער כמעט קיין שום שוועריקייטן נישט. מען עפנט דאָס בוך און — מען לייענט! מען לייענט און — מען פאַרשטייט כמעט יעדעס וואָרט!

דער מאָמענט פון עפענען דאָס בוך איז דערפאַר פאַר די קינדער פאַרבונדן מיט אַ גרויסער גייסטיקער פרייד און מיט אַ טיפער איבערלעבעניש, וועלכע זיי וועלן אפשר קיינמאָל ניט פאַרגעסן. זיינען מיר זיך טאַקע דערפאַר נוהג, דעם דאָזיקן מאָמענט צו פייערן מיט אַ סעודה — אַ סעודה לכבוד דעם ערשטן אידישן בוך, וואָס מיר הייבן אָן צו לערנען.



פון איצט אָן קומט פאַר דער ערשטער וויכטיקער שינוי אין דער טעגלעכער אַרבעט פונעם קלאַס. מיר פירן טאַקע ווייטער אָן די אַרבעט צו באַפעסטיקן די פולע קענטעניש פון די אותיות; מיר מאַכן ווייטער סיסטעמאַטישע אויסלייג־איבונגען; מיר נעמען נייע גרופּעס ווערטער־קאַרטלעך; מיר נוצן ווייטער די בילדער און די לאָטאָס פאַר שפּראַך־איבונגען — אָבער דעם סאַמע אויבן־אָן פאַרנעמט איצט דאָס בוך. יעדע לעקציע אין בוך ווערט איצט אַ קוואַל פאַר נייע שמועסן און, בעיקר, פאַרגלייכונגען אין שייכות מיטן פערזענלעכן לעבן פון אַ יעדן קינד באַזונדער.

יאָסעלעס מאַמע הייסט פייגע — און ווי הייסט דיין מאַמע?

יאָסעלעס טאַטע איז אַ פּרעסער — און וואָס איז דיין טאַטע?

יאָסעלעס זיידע טראָגט אַ לאַנגע באָרד — און דיין זיידע? און אַזוי ווייטער, אָן אַ שיעור.

## 5. פרעג־קאַרטלעך

גלייכצייטיק מיטן בוך פירן מיר אַריין אין קלאַס אַ נייעם „לערן־אינסטרומענט", די אַזוי גערופענע „פרעג־קאַרטלעך". אויף יעדן פרעג־קאַרטעלע געפינט זיך איין פראַגע און אַלע פרעג־קאַרטלעך צוזאַמען באַגלייטן דאָס גאַנצע בוך פון דער ערשטער ביז צו דער סאַמע לעצטער לעקציע.

אָט זיינען עטלעכע פרעג־קאַרטלעך פון די ערשטע עטלעכע לעקציעס:

ווער גיט אַ באַרעלע? ווער גיט אַ ניסעלע? ווער קויפט אַ ביכעלע? ווי הייסט די מאַמע? ווער איז אַ נאַשערקע? ווער האָט ליב קאַלירטע בלייפעדערס? און אַזוי ווייטער פראַגעס, וועלכע דעקן אי דעם גאַנצן וואָקאַבולאַר אי דעם אינהאַלט פון דעם בוך.

וואָס זשע טוען מיר מיט די פרעג־קאַרטלעך? — מיט דער הילף פון די פרעג־קאַרטלעך חזרן מיר סיסטעמאַטיש און פּלאַנמעסיק כסדר איבער די געלערנטע לעקציעס.

די אַרבעט אַרום דעם בוך איז בכן אַ טאָפּעלע:

א) מיט דער הילף פון בילדער און לאָטאָס באַרייכערן מיר כסדר דעם וואָקאַבולאַר פון די קינדער, האָבנדיק פאַר זיך דעם קלאָרן ציל, אַז די קינדער זאָלן דעם אינהאַלט פון די נייע לעקציעס לייכט פאַרשטיין און אַזוי אַרום אויך פון זיי הנאה האָבן.

ב) מיט דער הילף פון די פרעג־קאַרטלעך חזרן מיר איין די געלערנטע לעקציעס אַזוי פיל מאָל, ביז וואַנען סיי דער אינהאַלט און סיי די שפּראַך פונם בוך ווערן אַווירקלעכער באַזיץ פון די קינדער.



באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט ווידמען מיר צו יענע פרעג־קאַרטלעך, וועלכע באַציען זיך אויפן אידישן לעבנסשטייגער, אויף די ימים־טובים און אויף די פערזאָנען און פּאַסירונגען, וועלכע זיינען מיט זיי פאַרבונדן. אָט די פרעג־קאַרטלעך גרופּירן מיר אַחוץ דעם אויך לויט זייערע אינהאַלטן. מיר נוצן זיי ווי זעלבשטענדיקע איבונג־מאַטעריאַלן לשם ידיעות און אַ דאַנק אָט דער אַרבעט דערווערבן זיך די קינדער שוין אין ערשטן קלאַס אַ גוטן פונדאַמענט פאַר אַ גאַנצער ריי לימודים און קענטענישן פאַר די קומענדיקע לערניאָרן.

## 6. שרייבן אין די העפטן

מיר האָבן די דערפאַרונג, אַז פון דער פעאיקייט שיין און ציכטיק צו שרייבן, וועלכע די קינדער קענען, מיט דער הילף פון די שרייב־טאָוועלעך, דער־גרייכן אין משך פון עטלעכע וואָכן, הענגט אָפּ ניט בלויז די וויטערדיקע גרייט־קייט צו מאַכן היימאַרבעטן, נאָר אויך די אויסערלעכע פאָרם און די אינערלעכע קוואַליטעט פון די שריפטלעכע אַרבעטן דורך אַלע קומענדיקע לערניאָרן.

מיר זיינען זיך דערפאַר נוהג אַריינצופירן דאָס שרייבן אין העפט ערשט נאָכדעם ווי די קינדער האָבן זיך דערוואָרבן די פעאיקייט אַלע אותיות קלאָר, דייטלעך און שיין צו שרייבן.

ווי פירן מיר איצט אָן די טעגלעכע שרייב־אַרבעט? — דער לערער שרייבט אויפן טאָוול און די קינדער דירעקט אין די העפטן (אויף דעם אינהאַלט פון אָט די שריפטלעכע אַרבעטן און אויף די פאַרשידענע מעגלעכקייטן פון זייער דורכ־פירונג אין די וויטערדיקע חדשים קענען מיר זיך דאָ ליידער ניט אָפּשטעלן).

נאָכן שרייבן נעמט דער לערער צוזאַמען אַלע העפטן און גיט אַרויס צו די קינדער די אויסקאָרעגירטע העפטן פון נעכטן. אין אָט די העפטן ווען די קינדער מאַכן זייער היימאַרבעט (ווערטער אָדער זאַצן אָדער קאָפּירן פון דעם בוך) און, מאָרגן, אויך די שרייבאַרבעט אין שול. דער לערער האָט בכן אין יעדן העפט טעגלעך צו קאָרעגירן צוויי אַרבעטן: די היימאַרבעט און די שול־אַרבעט.

ווילן מיר דאָ נאָך אַמאָל באַטאָנען: שיינע שריפט, ציכטיק געהאַלטענע העפטן, טאָג־טעגלעך שרייבן (אַ ביסל אין שול און אַ ביסל אין דער היים) און דאָס עקשנותדיקע אָנהאַלטן פון טאָג־טעגלעך קאָרעגירן און בייטן די העפטן מצד דעם לערער — אָט די זאַכן זיינען, נאָך אונזער דערפאַרונג, אַ תנאַי מוקדם פאַרן קינדס הצלחה אין דער שול־אַרבעט.

## 7. דער איבערגאַנג צום געדרוקטן טייל

עס האָט געדויערט אַרום דריי וואָכן, ביז דער קלאַס איז געוואָרן גרייט אָנצוהייבן לייענען די געשריבענע לעקציעס פונם לייענבוך. איצט, ווען די קינדער האָבן דורכגעאַרבעט אַלע לעקציעס מיטן געשריבענעם לייענמאַטעריאַל און זיך הערוויַיל אויך שוין דערוואָרבן די פולע קענטעניש פון אַלע געשריבענע אותיות, איז דער איבערגאַנג צום געדרוקטן טייל פון דעם בוך בלויז אַ פראַגע פון עטלעכע טעג צוגרייטונג.

ווען מיר קומען צו די לעצטע פּאָר לעקציעס פונם געשריבענעם טעקסט, הייבן מיר אָן טעגלעך איבערצולייענען אויך די אותיות פונם געדרוקטן אותיות־טאָוול. די זעלבע איבונגען, וואָס מיר האָבן פריער געמאַכט מיט די געשריבענע אותיות און ווערטער־קאַרטלעך, מאַכן מיר איצט, אין אַ פּיל שנעלערן טעמפּאָ, אויך מיט די געדרוקטע (אויפן קאָנטראָל־טאָוול באַקומען די קינדער פלוס־

צייכנס אויך פאַר די געדרוקטע אותיות־ און ווערטער־גרופּעס). ממש נאָך פיר ביז פינף טעג זייַנען די קינדער גרייט איבערצוגיין צום געדרוקטן טעקסט. ווייל אויך אין דעם טייל איז דער איבערגאַנג צו די ווערטער מיטן שטומען אַלף און צו די סוף־אותיות אַ בהדרגהדיקער; ווייל מיר האַלטן אויך ווייטער אָן די אָפּשטעל־צייכנס אין די מער־טראַפיקע ווערטער; ווייל די העברעאישע ווערטער ווערן געגעבן אין אידישער טראַנסקריפּציע ביז צו דער צייט, ווען דער קלאַס ווערט, אַ דאַנק דעם לימוד פון העברעאיש און נאָך אַ פריערדיקער צוגרייטונג, פעאיק צו לייענען די העברעאישע עלעמענטן אין זייער אָריגינעלן אויסלייג — צוליב דעם אַלעמען האָבן די קינדער כמעט ניט קיין שום שוועריקייטן ביים לייענען פונם גאַנצן ווייטערדיקן טעקסט.

דאָס מוטשען זיך ביים לייענען איז פּאַקטיש אינגאַנצן עלימינירט געוואָרן. פונם בוך האָבן די קינדער בלויז הנאה און דאָס איז אפשר די סאַמע וויכטיקסטע דערגרייכונג פונם אַרבעטס־וועג, וועלכן מיר האָבן דאָ באַשריבן.

## 8. וועגן דער ראָל פון ענגליש אין דער שול־אַרבעט

מיר זייַנען איבערצייגט, אַז מען קען אויך אין ערשטן קלאַס די גאַנצע אַר־בעט אָנפירן אין אידיש. ס'איז אמת, אַז אין די ערשטע מאָנאַטן מוז מען זיך דאָ און דאָרט באַנוצן מיט ענגליש, אָבער ביי אַ פּלאַנמעסיקער אָנפירונג פון די שפּראַך־איבונגען קען מען אויך אין פרט פון עלימינירן די נויטיקייט צו ריידן ענגליש אין קלאַס זייער אַ סך אויפטאָן.

אין די סאַמע ערשטע וואָכן מאַכן מיר דערפאַר אַ סך שפּראַך־איבונגען אַרום די געגנשטאַנדן, אַקטיוויטעטן און סיטואַציעס אינעם קלאַסצימער. מיר מאַכן אויך שפּראַך־איבונגען אין שייכות מיטן קינדס אַקטיוויטעטן אין משך פונם טאָג. איז טאַקע לעכערלעך צו פאַרלאַנגען פון די קינדער צו ריידן אידיש, ווען זיי האָבן נישט דעם וואָקאַבולאַר און נישט די איינפאַכסטע זאַצ־פאָרמען אַרויסצורייד אַפילו די איינפאַכסטע געדאַנקען. גאַנץ אַנדערש אָבער איז די לאַגע, ווען די שול נעמט אָן די געהעריקע שריט, אַז דאָס קינד זאָל די דאָזיקע אויסדרוק־מיטלען יאָ באַקומען. דעמאָלט אָבער איז דער דרוק אויפן קינד צו ריידן אידיש ניט בלויז באַרעכטיקט, נאָר ממש אַן עלעמענטאַר פּעדאַ־גאָגיש געבאָט.

## 9. צום לימוד פון דעם העברעאישן עלעמענט

אויב מען וויל זיך אין גאַנצן ערשטן קלאַס באַנוגענען מיט צען אָדער פופצן העברעאישע עלעמענטן, מעג מען אפשר דעם גאַנצן ענין איבערלאָזן אויף גאָטס באַראָט. אַנדערש איז אָבער ווען מען וויל שוין פון אָנפאַנג אָן אַריינפירן טיילן פון דעם אידישן לעבנסשטייגער און אויך דעם לימוד פון אידישע ימים־טובים. אין אָט דעם פאַל קען מען זיך אָן אַ גרויסער צאָל העב־

רעאישע עלעמענטן נישט באַגיין. דאָס אַריינפירן פון אַזאַ גרויסער צאָל העברעאישע ווערטער אין זייער אָריגינעלן אויסלייג וואָלט אָבער דעם לימוד פון די דאָזיקע לעקציעס כמעט אוממעגלעך געמאַכט.

צוליב אָט דער סיבה האָבן מיר אין דעם טייל פון בוך, וואָס די קינדער וועט אויסקומען צו לערנען ביז פסח, געשריבן אַלע העברעאישע ווערטער אין אידישער טראַנסקריפּציע (מיטן אָריגינעלן העברעאישן וואָרט אין קלאַמערן). אַרום פּסח־צייט אָבער קענען אונזערע שול־קינדער, צוליב דעם לימוד פון העברעאיש, אין די מערסטע שולן זיכער שוין לייענען העברעאישע ווערטער מיט נקודות.

און אָט דעם צייטפּונקט האַלטן מיר פאַר פּאַסיק, נאָך אַ געהעריקער צוגרייטונג, איבערצוגיין צו דער שרייבונג פון די העברעאישע עלעמענטן אין זייער אָריגינעלן אויסלייג. אין וואָס זשע באַשטייט די צוגרייטונג? — מיר נעמען אַרויס אַלע העברעאישע עלעמענטן פון דעם בוך אויף „פלעש־קאַרדס”, אויף וועלכע מיר שרייבן פון אויבן דאָס העברעאישע וואָרט מיטן פולן ניקוד און, אונטער אים, דאָס זעלבע וואָרט אָן די נקודות, אַזוי ווי עס ווערט געברויכט אין אידישע טעקסטן:

ווי למשל:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אָפְשָׁר | מַצָּה | תּוֹרָה | פֶּסַח |
| אפשר | מצה | תורה | פסח |

און אַזוי אַלע אַנדערע.

מיר דערקלערן דאַן די קינדער די פאָלגנדיקע דריי זאַכן:

א) פאַראַן אין אידיש אַ סך ווערטער, וועלכע קומען פון העברעאיש (אין אונדזער בוך אַלע ווערטער, וואָס האָבן לעבן זיך אַ וואָרט אין קלאַמערן).

ב) אין אידיש שרייבט מען די דאָזיקע ווערטער אָן די נקודות (אַזוי ווי די ווערטער אין די קלאַמערן).

ג) אין אידיש ווערן די דאָזיקע ווערטער אַנדערש אַרויסגערעדט ווי אין העברעאיש. למשל: אפשר לייענט מען אויף העברעאיש „עפשאָר” (מיטן אַקצענט אויף דער לעצטער זילבע) און אויף אידיש „עפשער” (מיטן אַקצענט אויף דער פאָרלעצטער, ערשטער זילבע).

היות ווי די קינדער קענען שוין ביז איצט אַ גרעסערע צאָל העברעאישע עלעמענטן (טאַקע פון זייער לייענבוך) און אַזוי ווי זיי קענען אויך שוין לייענען

העברעאישע ווערטער מיט נקודות, ווערן איצט, מיט דער הילף פון די „פלעש־קאַרדס", די איבונגען מיט די העברעאישע עלעמענטן פאַר די קינדער ניט בלויז זייער לייכט, נאָר אויך זייער גוט פאַרשטענדלעך.

פון איצט אָן און ווייטער פירן אַזוי אַרום די סיסטעמאַטישע איבונגען מיט די העברעאישע עלעמענטן ניט בלויז צו אַ גוט פונדירטער אויסנוצונג פון דעם העברעאישן עלעמענט פאַר אידיש, נאָר זיי ווערן אויך גלייכצייטיק אַ וויכטיקער בייטראָג צום לימוד פון העברעאיש מצד דעם לימוד פון אידיש (אַן עניך, אויף וועלכן מיר קענען זיך דאָ ליידער נישט אָפּשטעלן).

## III. עטלעכע סוף־באַמערקונגען

נאָך לאַנגע יאָרן פון די פאַרשיידנאַרטיקסטע עקספּערימענטן אויף כמעט אַלע געביטן פון אונזער שול־אַרבעט, זיינען מיר געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די מעגלעכקייטן צו פאַרבעסערן אונזער דערציאונגס־אַרבעט זיינען אומגעהויער גרויסע. פאַקטיש האַלטן מיר ערשט ביים סאַמע אָנהייב.

אָבער שוין איצט האָבן מיר דערגרייכט אַזעלכע רעזולטאַטן, אַז מיר פילן זיך באַרעכטיקט זיי אַרויסצוברענגען פאַר אונזער לערערישער עפנטלעכקייט.

נעמען מיר, למשל, טאַקע דעם לימוד פון אידיש אין ערשטן קלאַס. ווי באַקאַנט, האַלטן אַ סך אָנגעזעענע לערער, אַז ביים איצטיקן מצב פון אידיש דאָ אין לאַנד מוז מען זיך אין דעם אידישן שפּראַך־לימוד פונם ערשטן קלאַס מצמצם זיין אויף אַ וואָקאַבולאַר פון מאַקסימום 6 ביז 7 הונדערט אידישע ווערטער. דאָס איז שוין דער מאַקסימום; אַנדערע טראַכטן נאָך וועגן פיל באַשיידענערע צאָלן.

ווילן מיר ניט אָפּפרעגן די אמתדיקייט פון דעם פאַקט, אַז אידיש איז נישט מער די מוטערשפּראַך פונם אידישן קינד דאָ אין אַמעריקע, אָבער מיר לייקענען קאַטעגאָריש, אַז מען מוז זיך אין ערשטן לערניאָר באַגרענעצן אויף אַ וואָקאַבולאַר פון 6 ביז 7 הונדערט אָפּגעקליבענע אידישע ווערטער. און מעג עס קלינגען ווי אַן אומגעהויערע גוזמא, אָבער מיר קענען פאָרט באַווייזן, אַז מיר האָבן שוין אין משך פון עטלעכע יאָר אויף די וועגן און מיט די מכשירים, וועלכע מיר האָבן דאָ באַשריבן, ביים סוף ערשטן לערניאָר דערגרייכט אַ אידישן וואָקאַבולאַר פון קאַרגע 4,000 ווערטער!

האַלטן מיר טאַקע ניט, אַז דאָס איז שוין דאָס לעצטע וואָרט אויפן געביט פונם אידיש־לימוד. מיר זאָגן בשום אופן ניט, אַז דאָס דאַרף ווערן דער איינציקער וועג אין אונזער שול־אַרבעט. מיר גלויבן אָבער, אַז מיר האָבן יאָ דאָס רעכט פאָרצושלאָגן חברים לערער, די דאָזיקע אַרבעטס־וועגן ערנסט אויסצופּרואוון.

ס'איז אמת, אַז עס בויטיקן זיך דערצו אַ סך צוגרייטונגען. די פֿאַרשיי־דענע מכשירים קענען ניט באַשאַפֿן ווערן אין משך פֿון איין טאָג. די בילדער־לאָטאָס, למשל, קענען אַרויסגעגעבן ווערן בלויז דורך אַ צענטראַלער קערפּער־שאַפֿט, וועלכע באַזיצט די נויטיקע געלט־מיטלען. אַלע אַנדערע זאַכן אָבער קען דער לערער — און טאַקע נאָר דער לערער! — זיך יאָ צוגרייטן.

זייענדיק זיכער, אַז דער שכר, וואָס וועט זיך אַרויסבאַקומען סיי אין דער טאָג־טעגלעכער קלאַסן־אַרבעט און סיי אין די דערגרייכטע רעזולטאַטן, וועט ווייט־ווייט איבערוועגן דעם הפסד אין צייט, וואָס דער לערער וועט דאַרפֿן פֿאַר־ווענדן אויף צוגרייטן די נויטיקע מאַטעריאַלן, ווענדן מיר זיך דערפֿאַר צו די לערער פֿון אונזער שולוועזן מיט דער בקשה, די דאָ אַרומגערעדטע אַרבעט־וועגן אויסצופּרואוון מיט פֿולן ערנסט און אַן פֿאָראורטיילן, און דאַן, אויפֿן יסוד פֿון די געוואונענע דערפֿאַרונגען און דערגרייכטע רעזולטאַטן, צוצוטראָגן זייער חלק צו דער באַשאַפֿונג פֿון אַן איינהייטלעכן מעטאָד פֿאַרן לימוד פֿון אידיש אין די אָנפֿאַנגער־קלאַסן.

ניו־יאָרק, יולי, 1944.

ד"ר יצחק שפּירא

אַ אָ ע י ײַ ײ ו וי

ב ג ד ה װ ז | ט י כ ל מ | נ ס פּ פֿ | צ ק ר ש

מאַ  מע

1. מאַ — מע.

פֿײ־גע אַ מאַ־מע.

זי גיט אַ באַ־רע־לע.

זי גיט אַ ני־סע־לע.

זי גיט אַ קי־כע־לע.

זי קויפֿט אַ בי־כע־לע.

פֿײ־גע אַ גו־טע מאַ־מע.

פֿײ־גע אַ לי־בע מאַ־מע.

זי גיט אַ־לעס.

אַ־זאַ גו־טע מאַ־מע!



אַ אָ ע י ײַ ײ ו וי

ב ג ד ה ז ל ט י כ ל מ נ ס פּ פֿ צ ק ר ש

טאַ  טע

2. טאַ — טע

בע-ני איז אַ טאַ-טע.

דער טאַ-טע איז אַ גו-טער.

דער טאַ-טע איז אַ לי-בער.

דער טאַ-טע איז אַ הוי-כער.

דער טאַ-טע איז אַ גרוי-סער.

דער טאַ-טע גייט אַ-וועק זיי=
ער פֿרי. ער גייט צו דער
אַר-בעט. ער אַר-בעט אין אַ
פּרעס. ער פּרעסט קליי-דער.
פֿאַר-נאַכט קומט דער טאַ-טע
צו-ריק. דער טאַ-טע גיט געלט.
די מאַ-מע נעמט דאָס געלט.

אַ אָ ע י ײַ ײ ו וו

ב ג ד ה וו ז | ט י כ ל מ | נ ס פּ פֿ | צ ק ר ש



## 3. כײַ-קע-לע.

די מאַ-מע האָט אַ מײ-דע-לע. דאָס מײ-דע-לע הײסט כײַ-קע-לע. כײַ-קע-לע האָט אַ רויט נע-גע-לע. כײַ-קע-לע האָט אַ רויט צע-פּע-לע. זי האָט ליב צו-קער-קעס. זי האָט ליב שאָ-קאָ-לאַד. זי האָט ליב ניס. אַז כײַ-קע-לע באַ-קומט אַ פּע-ני, לויפֿט זי באַלד אַ=
רויס. זי קומט צו-ריק מיט אַ צו-קער-קע, אָ-דער מיט אַ שאָ=
קאָ-לאַד, אָ-דער מיט ניס.

אַ אָ ע י יי ײַ ו וּ

ב ג ד ה װ ז ט י כ ל מ נ ס פּ פֿ צ ק ר ש



# 4. יאָ־סע־לע.

די מאַ־מע האָט אַ זי־נע־לע.
דאָס זי־נע־לע הייסט יאָ־סע־לע.
יאָ־סע־לע אַ גו־טער, יאָ־סע־לע אַ
שיי־נער. יאָ־סע־לע האָט אַ מע=
סערל. יאָ־סע־לע האָט אַ פֿע־דער=
לע. אַזוי דער טאַ־טע פֿרעגט:
—וואָס ווילסטו, זי־נע־לע? זאָגט
ער: — יאָ־סע־לע וויל אַ בי־כע־לע.
יאָ־סע־לע וויל אַ בי־כע־לע מיט
ביל־דער. יאָ־סע־לע האָט ליב
ביל־דער.



אַ אָ ע י ײַ ײ ו וי

ב ג ד ה װ ז

ט י כ ל א

נ ס פּ פ

צ ק ר ש

## 5. אַזוי דער טאַ-טעס קואט.



כײַ-קע-לע זעט װי דער טאַ-טעס קואט. כאַפּט זי דאָס העפט. זי לויפט צו דער טיר. אַזוי דער טאַ-טע עפנט די טיר, שרײַט כײַ-קע-לע: — טאַ-טע, טאַ-טע, אַן פּע-ני, גיב איר אַ פּעני. גע-אַנכט די הײַא-אַר-בעט. די גאַנ-צע הײַא-אַר-בעט גע-אַנכט! זאָגט דער טאַ-טע: שאַן, שאַן, שרײַ ניט אַ-זוי. נאַ דיר אַן פּעני אַ-בי שרײַ ניט, אַ-בי טואָל ניט אַזוי.

כײַ-קע-לע נעמט די פּעני, זי לויפט אַ-רויס. באַלד קואט זי

אַ אָ ע י ײַ ײ ו ױ

ב ג ד ה ו ז ט י כ ל מ ם ס פ פ צ ק ר ש

צו-ריק מיט אַ צו-קער-קע. זי האָט
גע-קויפט אַ גרוי-סע רוי-טע
צו-קער-קע.

פרעגט דער טאַ-טע:—נו, יאָ-
סע-לע, דו ווילסט גאָר-ניט?

זאָגט די מאַ-מע:—יאָ-סע-לע וויל
בלײַ-פע-דערס. ער וויל קאָ-ליר-טע
בלײַ-פע-דערס.

גיט דער טאַ-טע אַ ניקל.
יאָ-סע-לע זאָגט:—אַ דאַנק, טאַ-טע.
ער לויפט אַ-רויס. באַלד קומט
ער צו-ריק. ער האָט גע-קויפט
10 קאָ-ליר-טע בלײַ-פע-דערס.



## 6. יאָ-סע-לע מאָלט.

יאָ-סע-לע מאָלט מיט די קאָ-ליר-טע בליי=
פע-דערס. ער מאָלט פאַר-שיי-דע-נע
ביל-דער.

ער מאָלט אַ העל-פאַנט. דער העל=
פאַנט האָט אַ לאַנ-גע נאָז.

ער מאָלט אַ קו מיט צוויי הוי-כע
הער-נער. די קו האָט אַ קעל-בע-לע.

ער מאָלט אַ פערד, דאָס פערד
האָט אַ לאָ-שעקל.

ער מאָלט אַ ווע-גע-לע. דאָס ווע-גע=
לע האָט פיר רע-דער.

ער מאָלט אַ טי-שע-לע. דאָס טי-שע-
לע האָט פיר פיס.

די מאַמע קוקט ווי יאָ-סע-לע מאָלט.
זי דער-קענט ניט אַ-לעס.

נאָר יאָסעלע מאָלט אַ פערד, איינט

די מאַמע, אַז ער מאַכט אַ הונט.
אַז יאָסעלע מאַכט אַ צי-גע-לע, מיינט
די מאַמע, אַז ער מאַכט אַ בער.
אָ-בער די מאַמע לאַכט ניט.
-גוט, גוט, זיי-ער גוט, זאָגט זי.
מאָל, יאָסעלע, מאָל ווײַ-טער.



## 7. די באָבע פערל.



פיי-געס מו-טער הייסט פערל. באָבע
פערל.
אַז די באָבע קומט, ווערט אַ סימ-
כע (שמחה). זי ברענגט ניס, זי ברענגט
שאָ-קאָ-לאַד.

שײקעלע שלאָפֿט מיט בײדע הענט.
נאָר יאָסעלע שלאָפֿט ניט. ער וויל אַ
מײַ-סע-לע.

יאָסעלע זאָגט:— באָבע, אַ מײַ-סע-לע. דער=
צײל מיר אַ מײַ-סע-לע.

שײקעלע זאָגט:— באָבע, דו האָסט ווײַ=
סע האָר.

זאָגט די באָבע:

ווײַסע האָר
צו לאַנגע יאָר.



# 8. דער זיי-דע בערל.



פֿײַ-געס פֿאָ-טער הייסט בערל. זיי-דע
בערל. דער זיי-דע קומט נישט אָפֿט.
דער זיי-דע רעדט נישט פֿיל. ער רעדט
זיי-ער ווײַ-ניק.

אַז ער קומט, קושט ער די מע-זו-זע
(מזוזה). אַז ער קומט, גיט ער די קינ=
דער צו צוויי סענט.

די מאַמע פֿרעגט:
וואָס טוס-טו טאַטע? ווי גייט עס טאַטע?
ענט-פֿערט דער זיי-דע:
ניש-קאָ-שע, ניש-קאָ-שע (נישקשה), גע-לויבט
צו גאָט דער-פֿאַר.

די מאַמע דער-לאַנגט טיי מיט לי-מע-נע.
דער זיי-דע האָט ליב הייסע טיי. ער

טרינקט צוויי גלע-זער טיי.

אַז ער טרינקט, מאַכט ער פרי-ער אַ בראָ-כע (ברכה).

אַז ער טרינקט אָפּ, זאָגט ער:

אַ דאַנק טאָכ-טער, אַ דאַנק.

אַז דער ליי-בע גייט אַ-וועק קושט ער ווי-דער די מע-זו-זע (מזוזה).



יאָסעלע פרעגט:

מאַמע פאַר-וואָס טראָגט דער ליי-בע אַ-זאַ לאַנ-גע באָרד?

פאַר-וואָס טראָגט דער ליי-בע אַ-זעלכע לאַנ-גע פיי-עס (פאות)?

ענט-פערט די מאַמע:

אַ פרו-מער ייד טראָגט אַ לאַנ-גע באָרד. אַ פרו-מער ייד טראָגט לאַנ-גע פיי-עס (פאות).

דער ליי-בע איז אַ פרו-מער ייד.



## 10. גוטע טאַטע-מאַמע.

דער טאַטע איז אַ גוט-ער.
דער טאַטע אַרבעט פֿאַר אונז אַלע.
דער טאַטע גיט אונז געלט.
דער טאַטע ברענגט אונז צאַצ-קעס.
די מאַמע קויפֿט פֿאַר אונז שפּײַז,
זי קויפֿט אונז ברויט, זי קויפֿט אונז
פּוטער. זי קויפֿט אונז אײער. זי גיט
אונז עפּל. זי גיט אונז ניס. זי וואַשט
אונ-זער וועש. זי פֿאַר-ריכט אונ-זע-רע
קלײ-דער. די מאַמע האָט ליב אירע
קינ-דער.

די מאַמע זאָגט: קינ-דער היט אָפּ
אײַ-ע-רע קלײ-דער!

כײקעלע פֿאָלגט איר מאַמע. זי היט

| ב |
|---|
| ג |
| ד |
| ה |
| וו |
| ז |
| ט |
| י |
| כ-ך |
| ל |
| מ-ם |
| נ-ן |
| ס |
| פ |
| פ-ף |
| צ-ץ |
| ק |
| ר |
| ש |

אי    אײַ    אײ    או    אוי

אױף אי-רע קלײ-דער. יאָסעלע פֿאָלגט אױ-כעט, ער היט אױף זײַ-נע קלײ-דער.



**11.** די ענדע אױ-ס׳-עס.

(אותיות)

כ ענדע ך

מ ענדע ם

נ ענדע ן

פ ענדע ף

צ ענדע ץ

אי אײַ אײ או אוי

ך ם ן ף ץ

שרײַב גוט או-וי:

מיט ך: לאַך, אאַך, שוך, הויך,

מיט ם: נעם, קאַם, בלום, אַרום,

מיט ן: ניין, פּײַן, אײַן, אאַן, דײַן,

מיט ף: לויף, קויף, רוף, עלף,

מיט ץ: האָלץ, קעץ, רעץ, שמאַלץ,



בײַם אָנפֿאַנג פֿון אַ וואָרט שרײַבט מען די אָנפֿאַנג אוי-ס-יעס (אותיות)

בײַ דער ענדע פֿון אַ וואָרט שרײַבט מען די ענדע אוי-ס-יעס (אותיות).



אי    אײַ    אײ    או    אוי

12. דער לײבע און די בהמע.

דער לײבע איז אַ פּרו-אער
אַזן. ער טראָגט אַ לאַנ-גע באָרד.
ער טראָגט לאַנ-גע פּײ-עס (פּאות).
װען ער טוט אױס דעם הוט, טוט
ער אָן אַ יאַר-מול-קע.
דער לײבע גײט אין שול דאַװ-
נען. ער דאַװנט דרײַ מאָל אין
טאָג. דער לײבע פֿאָרט ניט אום
שאַ-בעס (שבת). דער לײבע איז
זײ-ער פֿרום.
אױך די בהמע איז זן פֿרו-
מע. אױך די בהמע דאַװנט
יעדן טאָג. אױך די בהמע פֿאָרט

אי  אײַ  אײ  או  אוי

ק
ס
ן
ץ
פ

ניט אום שאַ-בעס (שבת). אויך די
באָבע אַר-בעט ניט אום שאַבעס
(שבת).

אײן מאָל האָט די באָבע
געזען, ווי יאָסעלע שפּילט זיך מיט
אַ קאַץ. האָט די באָבע געזאָגט:
אַ ייִנגעלע טאָר זיך ניט
שפּילן מיט קײן קאַץ. און פאַר-
געסט דאָס לער-נען.

האָט יאָסעלע געזאָגט: איך
לערן נאָך ניט. איך גיי נאָך
ניט אין שול אַרײַן. איך האָב
ניט וואָס 13 פאַר-געסן.



## 13. אין צווײ שולן.

כײַקעלע לערנט אין צווײ שולן.
פֿאַר-מיטאָג לערנט זי אין דער ענג-
לי-שער שול, פֿאַר-נאַכט לערנט זי אין
דער יי-די-שער שול.

אין דער ענג-לי-שער שול לערנט
מען אויך ענג-ליש, אין דער יי-די-שער
שול לערנט מען אויך יי-דיש.

אין דער ענג-לי-שער שול האָט כײַ-
קעלע אַ לע-רע-רין. אין דער יי-די-שער
שול האָט זי אַ לערער.

די ענג-לי-שע לע-רע-רין הײסט
מיס קע-לי. דער יי-די-שער לע-רער
הײסט מיסטער גולט-מאַן.



דער לע-רער זאָגט צו די קינדער:
איר װעט מיך רופן כאַ-װער(חבר) גוטמאַן.
דעם לע-רערס ער-שטער נאָמען איז
הערשל. זײַן פֿו-לער נאָמען איז הערשל
גוט-מאַן.



## 14. אין ערשטן קלאַס.

אין דער ייִ-די-שער שול לערנט כײַ-קעלע אין ערשטן קלאַס. אין ערשטן קלאַס לערנען זיך אַכצן קינדער. אַכט קינ-דער זײַנען ייִנ-גע-לעך און צען זײַנען מײ-דע-לעך.

די ייִנ-גע-לעך זײַנען די שילער.
די מײ-דע-לעך זײַנען די שי-לע-רינס

דער עלט-סטער שילער פונם קלאַס
הייסט מאָטל. ער איז ניין יאָר אַלט.
כײקעלע איז די ייִנגסטע שי-לע-רין.
זי איז זיבן יאָר אַלט. זי איז ייִנ-
גער פון אַלע קינ-דער אין קלאַס.
עס איז דער בעסטער פון אַלע
שי-לער. כײקעלע איז די בעסטע פון
אַלע שי-לע-רינס.

כײקעלע האָט אַכט כאַ-ווײ-רים (חברים),
און ניין כאַ-ווער-טעס (חברטעס).
איר בעסטע כאַ-ווער-טע (חברטע) הייסט
זי-סע-לע. כייקעלע זיצט לעבן זי-סע-לען.



## 15. דאָס קלאַס-צי-מער.

אין כײקעלעס קלאַס-צי-מער שטיי-ען פֿינף
און צוואַנ-ציק בענק-לעך. די בענק-לעך
זײַ-נען פֿאַר די קינ-דער.
אין קלאַס-צי-מער שטייט אַ גרוי-סער
טיש. לעבן דעם טיש שטייט אַ שטול
פֿאַרן לערער. אויף דער וואַנט הענגט
אַ גרוי-סער טאָוול. לעבן דער וואַנט
שטייט אַ שאַ-פֿע. אויף די ווענט הענ-
גען ביל-דער פֿון יי-די-שע שרײַ-בער
כײקעלעס קלאַס-צי-מער האָט צוויי טירן
און דרײַ פֿענ-סטער.



## 16. פֿראַ-געס און ענט-פֿערס.

נאָך יע-דער לעק-צי-ע פֿרעגט דער
לע-רער ניי-ע פֿראַ-געס.
דער לע-רער פֿרעגט און אַ-לע קינ=
דער ענט-פֿערן צו-זאַ-מען.
ווי הייסט אונ-זער שול?
-אונ-זער שול הייסט ......
וויפֿל שי-לער לער-נען זיך אין אונ-זער
קלאַס?
-אין אונ-זער קלאַס לער-נען....שי-לער.
וויפֿל שי-לע-רינס לער-נען זיך אין אונ-זער
קלאַס?
-אין אונ-זער קלאַס לער-נען......
שי-לע-רינס.
וואָ-סע-רע בי-לדער הענ-גען אויף
די ווענט?

— אויף די ווענט הענ-גען ביל-דער פון יי-די-שע שרײַ-בער.

וויפל טירן האָט אונ-דזער קלאַס-צי-מער?

— אונ-דזער קלאַס-צי-מער האָט......

זאָגט אַזוי פרעגט דער לערער און די קינ-דער ענט-פערן צו-זאַ-מען. זיי ענט-פערן גאַנ-צע, פו-לע זאַצן.

די קינ-דער ענט-פערן לאַנג-זאַם קלאָר און שאַרף.

---

## 17. וואָס אַ מאַמע טוט.

כײקעלע ווייסט, אַז אַ טאַטע אַר-בעט. אָבער אַ מאַמע, האָט זי גע-טראַכט, איז לײַכט צו זײַן. מען

קריגט געלט פונם טאַטן און מען איז
אַ מאַמע.

איין מאָל האָט מען אין שול גע-לערנט
אַ נײַ-ע לעק-צי-ע. מען האָט גע-לערנט
פון אַ מאַמען. האָט כײַקעלע דער-זען,
אַז זי האָט גע-האַט אַ טאָ-עס (טעות).
נײן, ס'איז גאָר ניט לײַכט צו זײַן אַ
מאַמע.

אָט וואָס אַ מאַמע טוט.

די מאַמע פירט דאָס הויז. זי
קאָכט און באַקט. זי גיט אַ-לע-מען עסן
און טרינ-קען. זי גרייט צום טיש און
זי וואַשט דאָס געפעס.

די מאַמע רײַ-ניקט די צי-מערן. זי
ראַמט אויף די קיך, זי בעט צו די
בעטן. זי קערט אויס דעם דיל און זי
ווישט אָפּ דעם שטויב פון די מעבל.

די מאַמע פֿאַר-ריכט די וועש און די קליידער. זי האַלט אַלץ אין אָר-דע-נונג. זי גייט אויך אין קראָם איינ-קויפֿן.

די מאַמע גיט אַכ-טונג אויף די קליי=נע קינ-דער. זי וואַשט זיי און זי באָדט זיי. זי האָ-דע-וועט זיי און זי פֿירט זיי שפּאַ-צירן. זי לייגט זיי שלאָפֿן און וויגט זיי איין מיט אַ לי-דע-לע.

אַמאָל גייט די מאַמע מיט די קינדער אין אַ מו-ווי.

אַמאָל נעמט די מאַמע די קינדער אין אַן אייז-קרים-פּאַר-לאָר און קויפֿט זיי אייז-קרים.

יאָ, די מאַמע טוט אַ סאַך (סך) זאַכן. די מאַמע האָט אַ סאַך (סך) אַרבעט!

אַז בײַקעלע איז אַ-היים גע-גאַנ-גען

פֿון דער שול האָט זי באַ-שלאָסן צו העלפֿן איר מאַמען. יעדן טאָג וועט זי ע-פּעס טון אין הויז.



## 18. וואָס איז געשען מיט בײַקעלען?

אַז בײַקעלע איז אַרײַן אין הויז, האָט זי גע-רופֿן דער מאַמען:
איך וויל דיר אַ ביסל העלפֿן.
רופֿט די מאַמע: דאָס איז פֿײַן, דאָס איז גוט. נעם און גרייט צום טיש.
דער טאַטע וועט באַלד קומען.
בײַקעלע האָט גענומען צו טיש-טעך און אויס-גע-שפּרייט אויפֿן טיש..

זי האָט אַוועק-גע-שטעלט פיר טעלער.
אויף יעדן טעלער האָט זי גע-שטעלט
אַ שי-סע-לע. לעבן יעדן טעלער האָט זי
גע-לייגט אַ מע-סער, אַ גאָפּל, אַ לעפל
און אַ לע-פע-לע.

און מיטן טיש האָט זי גע-שטעלט אַ
מע-סטע-לע פעפער, אַ מע-סטע-לע זאַלץ
און אַ גרויסע פלאַש מיט וואַסער.

נאָכן עסן האָט בייקעלע געוואָלט
וואַשן דאָס גע-פעס, האָט די מאַמע
געזאָגט:

דאָס וועט זיין גענוג. איצט גיי שוין
שלאָפן. דו ביסט אַ גוט קינד.

אַז בייקעלע איז שוין געלעגן אין
בעט, האָט די מאַמע געזאָגט צום טאַטן:
עפּעס איז גע-שען מיט אונ-זער בייקע-
לען. מען דאַרף אַ קוק טון אין איר

העפט. עפּ-שער (אפשר) וועלן איר אויס-געפי-נען.

דער טאַטע און די מאַמע האָבן איבער-געליי-ענט וואָס בייקעלע האָט היינט גע-שריבן אין שול. באַלד האָבן זיי אַלץ פאַר-שטאַ-נען.

דאָס קומט פון דער שול, האָט די מאַמע גע-זאָגט. אונ-זער בייקעלע וואַקסט אַ טייער איידעלע.

דער טאַטע און די מאַמע זיינען גע-ווען זייער צו-פרידן.



## 19. בייקעלע מאַכט צו ליי-דע-לע.

אין שול האָט מען גע-לערנט צו לי= דע-לע. דאָס לי-דע-לע איז גע-ווען וועגן

זַו אוטער.

דאָס לי-דע-לע האָט מיך גע-לײַ-ענט זַרוי:

כ'האָב ליב.

כ'האָב ליב 13-קער, כ'האָב ליב האָ-ניק.
כ'האָב ליב קעז און פו-טער.
כ'האָב ליב עפל, כ'האָב ליב באַרן,
נאָר אער פון זאַלע איין מו-טער.

זאַלע קינ-דער האָבן דאָס לי-דע-לע
מײַ-ער ליב גע-האַט.
זאַלע קינ-דער האָבן דאָס לי-דע-לע
גע-לערנט אויסנ-ווײַ-ניק.
האָט כײַקעלע באַ-שלאָסן, אוליין 13
אזאַכן זו לי-דע-לע.
האָט מי גע-טראַכט און גע-טראַכט,
ביז מי האָט אויס-גע-טראַכט זאַכאַ לי-
דע-לע:

מײַן מאַמע הײסט פייגע,
מײַן באָבע הײסט פערל,
מײַן טאַטע הײסט בעני,
מײַן זיידע הײסט בערל.

דאָס לידעלע איז דעם לע-רער זייער גע-פעלן געוואָרן.
כייקעלעס על-טערן האָבן זיך זייער גע-פרייט.



# 20. טרינ-קען מילך.

ווען קינ-דער טרינ-קען מילך
פון אַ גרויסן גלאָז,
וואַקסן זיי גע-זונט,
מיט אַ שיינער נאָז.

ווען קינ-דער טרינ-קען מילך
פון אַ קלע-נער גלעזל,
וואַקסן זיי ניש-קאָ-שע,
מיט אַ קור-נאָ-סע נעזל.

ווען קינ-דער טרינ-קען נישט קיין מילך,
נישט פון גלאָז און נישט פון גלעזל,
זײַ-נען זיי גרי-נער פון אַ גרעזל
און בלײַבן אָן אַ סימן פון אַ נעזל.



## 21. די מישפּאָכע (משפּחה)

טאַטע, מאַמע,
באָבע, זיידע.

דער טאַטע הייסט בעני.
דער זיידע הייסט בערל.
די מאַמע הייסט פּייגע.
די באָבע הייסט פּערל.

דער טאַטע אַרבעט.
דער טאַטע גיט געלט.
די מאַמע פירט דאָס הויז.
די מאַמע האָדעוועט די קינדער.

דער זיידע האָט ליב הייסע טיי.
די באָבע האָט ליב זיסע קאַווע.

דער זײדע האָט װײַסע האָר.
די באָבע זאָגט: װײַסע האָר
צו לאַנגע יאָר.



## 22. די קינדער

יאָסעלע אַ ייִנגעלע.
כײַקעלע אַ מײדעלע.
יאָסעלע אַ זונעלע.
כײַקעלע אַ טעכטערל.

כײַקעלע אַ נאַשערקע.
אַז כײַקעלע קריגט אַ סענט,
קויפּט זי באַלד אַ צוקערקע.
אָדער זי קויפּט אַ שאָקאָ-
לאַד.

אָדער זיִ קויפֿט אַ לאַליִ־
פּאַפּ.

אַז יאָסעלע קריִגט אַ סענט,
קויפֿט ער גאָרניִט. ער קלײַבט
דאָס געלט.

ער קלײַבט אַ פּעניִ צו אַ פּע־
ניִ.

אַז ער האָט אַ דאָלער,
קויפֿט ער געצײַג.

ער קויפֿט אַ העמערל, אַ
העקעלע, אַ זעגעלע.

ער קויפֿט אַ צוועגעלע, אַ
מעסערל. אַ שערעלע.

יאָסעלע האָט ליִב געצײַג.



אַ אָ ע י ײַ ײ ו װ

ב ג ד ה װ ז ט י כ ל מ נ ס פּ פֿ צ ק ר ש

## 23. יאָסעלע אַרבעט

יאָסעלע רוט ניט. יאָסעלע אַרבעט.

טאָמיד (תמיד) טוט ער עפּעס.

טאָמיד (תמיד) מאַכט ער עפּעס נײַעס.

ער אַרבעט װי אַ באַלמעלאָכע (בעל־מלאכה).

װי אַ גוטער באַלמעלאָכע (בעל־מלאכה).

יאָסעלע נעמט אַ ברעטעלע.

ער צעזעגט דאָס ברעטעלע מיט דער זעג.

ער מאַכט אַ טיש. ער מאַכט אַ בעט.

אַ אָ ע יִ ײַ ײ ו ױ

ב ג ד ה וו ז | ט י כ ל מ | נ ס פּ פֿ | צ ק ר ש

ער מאַכט אַ בענקל. ער מאַכט אַ שאַפע פאַר ביִכער.

דיִ שאַפע האָט פיִר פּאָליִ־צעס.

דער טאַטע זעט, וויִ יאָסע־לע אַרבעט.

זאָגט דער טאַטע:

— יאָסעלע וואַקסט אַ גו־טער באַלמעלאָכע (בעל־מלאכה).

יאָסעלע וואַקסט אַ מײַ־סטער.



## 24. פרײַנד

כײַקעלע האָט אַ כאַווער־טע (חברטע).

אַ אָ ע י ײַ ײ ו װ

ב ג ד ה װ ז | ט י כ ל מ | נ ס פּ פֿ | צ ק ר ש

זי האָט אַ גוטע כאַווערטע (חברטע).

זי הייסט זיסעלע.
זיסעלע האָט ליב צאַצקעס.

זי האָט אַ פולע שטוב מיט צאַצקעס.

זיסעלע אַ פריילעכע.
זיסעלע אַ לוסטיקע.

טאָמיד (תמיד) לאַכט זי.
טאָמיד (תמיד) זינגט זי.

זיסעלע אַ גוטע כאַווערטע (חברטע).

יאָסעלע האָט אַ כאַווערל (חברל).

ער הייסט טאָבי.
טאָבי אַ נעגער־יינגעלע.

טאַטע אַ שײַנינקער.
טאַטע אַ כײַנעוודיקער
(חנעוודיקער).
טאַטע האָט קורצע, געקרײזלטע האָר.
יאָסעלע זאָגט:
— טאַטע אַ גוט כאַווערל
(חברל).
טאַטע אַ גוטער פֿרײַנד.



אי אײַ אײ או אוי

---

## 25. אַ לעקציע מיט
## אָנפֿאַנג־אויסיעס (אותיות)

די מאַמע איז אַ גוטע.
זי קויפֿט פֿאַר אונז שפּײַז.
זי קויפֿט פֿאַר אונז אויבס.
זי קויפֿט פֿאַר אונז אייער.

זי קויפט פאַר אונז אוגער־
קעס.

די מאַמע וואַשט איר ע קינ־
דער.

זי פאַר קעמט איר ע קינ־
דער.

די מאַמע איז גוט צו איר ע
קינדער.

די מאַמע פאַר ריכט אונזער
וועש.

די מאַמע פאַרריכט אונ־
זערע קליידער.

זי זאָגט:

— קינדער, היט אָפּ אײַערע
קליידער!

בײַ קעלע פאָלגט איר מאַ־
מע.

זי היט אָפּ איר ע קליידער.

יאָסעלע פאָלגט אויך נעט.

ער הי̇ט אָפּ זײַנע קלײ̇דער.
כײַקעלע איז אַ גוט מײ̇דע־
לע.
יאָסעלע איז אַ גוט ייִנגעלע.

---

שאַבעס (שבת) גי̇ט די̇ באָ־
בע שאַבעס־אויבס.



## 26. אַ לעקצי̇ע מי̇ט ענדע־ אויסי̇עס (אותיות)

די̇ קו גי̇ט מי̇לך.
פון מי̇לך מאַכט מען פּוטער.
פון מי̇לך מאַכט מען קעז.
פון מי̇לך מאַכט מען קרי̇ם.

די̇ בײ̇מער גי̇בן פרוכטן.
דער עפּל בוים גי̇ט עפּל.

ך
ם
ן
ף
ץ

דער באַרנבוים גיט באַרן.
דער ניסנבוים גיט ניס.

די הון האָט הינדעלעך.
די הון לייגט אייער.
דער האָן האָט אַ רויטן קאַם.
דער האָן קרייט קוקעריקו.

די שאָף האָט שעפעלעך.
די שאָף גיט וואָל.
פון וואָל מאַכט מען קליי-
דער.

די קאַץ האָט קעצעלעך.
די קאַץ האָט שאַרפע ציין.
די קאַץ כאַפּט מײַז.



# 27. צוויי לידעלעך

## מײַן מאַמע

מײַן מאַמע איז אַ גוטינקע;
זי טוט מיר אַלץ צוליב.
זי קויפט מיר נײַע שפּילעכלעך
און אַלץ, וואָס איך האָב ליב.

זי קויפט מיר שיך און זעקעלעך
און אַלעס, וואָס איך וויל;
אַ בײַטשל און אַ פערדעלע,
אַ שיפל און אַ מיל.



## צום בעקער

בעקער, בעקער, באַק געשווינד
גוטע זאַכן פאַר דעם קינד.
באַק זיי גוט און באַק זיי שנעל;
נאַ דיר צוקער, נאַ דיר מעל.



אַ אָ ע י ײַ ײ ו וי
אי אײַ אײ או אוי

ב ג ד ה ו ז ט י כּ־ך ל מ־ם נ־ן ס פּ פֿ־ף צ־ץ ק ר ש

# 28. אַז מען קען אַלע אויסיעס (אותיות)

די אויסיעס (אותיות) פֿון אַ ביז וי רופֿט מען וואָקאַלן.

די אויסיעס (אותיות) פֿון ב ביז ש רופֿט מען קאָנסאָנאַנטן.

ביי קעלע קען אַלע וואָקאַלן.

ביי קעלע קען אַלע קאָנסאָנאַנטן.

זי קען אַלע אָנפֿאַנג־אויסיעס.

זי קען אַלע ענדע־אויסיעס.

קימאַט (כּמעט) אַלע קינדער פֿונם קלאַס קענען שוין אַלע אויסיעס (אותיות).

— אַז מען קען אַלע אויסיעס (אותיות), קען מען שוין קימאַט (כּמעט) אַלץ לייענען.

אַז מען קען אַלע אויסיעס (אותיות), קען מען שוין קימאַט (כּמעט) אַלץ שרײַבן.

איצט וועלן מיר לייענען מײַסעס (מעשׂות).

איצט וועלן מיר שרײַבן בריוו און קאָמפּאָזיציעס.

אַ אָ ע י ײַ ײ ו וי
אי אײַ אײ או אוי

ב ג ד ה וו ז ט י כ–ך ל מ–ם נ–ן ס פּ פֿ–ף צ–ץ ק ר ש

די גאַנצע וועלט עפֿנט זיך איצט פֿאַר אונז!

אין דער היים האָט בײַקעלע דערציילט, וואָס דער לערער האָט געזאָגט. אַז יאָסעלע האָט געהערט, וואָס בײַקעלע האָט דער־ציילט, האָט ער זיך שיִער נישט צעוויינט.

ער האָט געזאָגט מיט אַ וויינענדיק קאָל (קול):

— איך וויל אויך גיין אין שול אַרײַן.
איך וויל אויך קענען לייענען.
איך וויל אויך קענען שרײַבן.



## 29. בערל

בערל איז אַ יונג אַ כוואַט,
נאָר ער קען ניט ציילן.
אַזאַ נאַריש ייִנגל איז ער,
ס'איז אַ כאַרפּע (חרפּה) צו דער ציילן.

וויפֿל איז אַ דרײַ און פֿינף?
גלאָצט ער מיט די אויגן.
— בערל, בערל, — שרײַט דער טאַטע, —
וועסט צו גאָר נישט טויגן!

נעמסט אַראָפּ זעקס פֿון פֿערצן,
וויפֿל איז געבליבן?
קראַצט זיך בערל אויפֿן שטערן
און ער ענטפֿערט: זיבן.

בייזערט זיך אויף אים דער טאַטע:
— בערעלע, בערולע!
דריקט די מאַמע אים צום האַרצן:
— בערל, מײַן גערולע (גדולה)!



# 30. ברײַנדל

ברײַנדל האָט געלערנט קאָכן
גאַנצע דרײַצן וואָכן.
האָט זי אין די דרײַצן וואָכן
אויסגעלערנט מילך צו קאָכן.

האָט זי צוגעשטעלט אַ טעפּל
און איז אײַנגעשלאָפֿן.
איז די גאַנצע מילך פֿון טעפּל
אין גאַנצן אויסגעלאָפֿן.



# יאָסעלע לערנט ייִדיש

## 31. יאָסעלע וויל לערנען

יאָסעלע איז שוין פֿינף יאָר אַלט. ער גייט נאָך נישט אין שול אַריין, אָבער ער וויל לערנען.

יאָסעלע זאָגט צום טאַטן:

— טאַטע, איך וויל אויך לערנען. כײַקעלע גייט שוין אין צווייטן שולן און איך — גאָרנישט. איך וויל אויך גיין אין שול אַרײַן. איך וויל לערנען ייִדיש.

זאָגט דער טאַטע:

— דו ביסט נאָך צו יונג, מײַן זונעלע. דו ביסט נאָך צו קליין. דו קענסט נאָך נישט גיין אין שול אַרײַן. דו מוזסט נאָך אַ ביסעלע וואַרטן.

אָבער יאָסעלע וויל דערפֿון נישט הערן. ער וויל לייענען אין די ביכעלעך מיט די בילדער.

זאָגט דער טאַטע:

— גוט, אויב דו ווילסט דאַווקע (דווקא) קענען ליי־ענען, וועל איך מיט דיר לערנען.



## 32. דער טאַטע לערנט מיט יאָסעלען

דער טאַטע גייט צו צום אַלמער. ער נעמט אַרויס אַ סידער (סדור) און ער הייבט אָן צו לערנען מיט יאָ־סעלען.

ער ווײַזט יאָסעלען אַן אָס (אות) און זאָגט:
— דאָס איז אַן אַלעף (אלף).

זאָגט יאָסעלע:
— דאָס איז אַן אַלעף (אלף).

ווײַזט אים דער טאַטע נאָך אַן אָס און זאָגט:
— דאָס איז אַ בײס (בית).

זאָגט יאָסעלע:
— דאָס איז אַ בײס (בית).

דער טאַטע ווײַזט אַ נײַ אָס (אות) און זאָגט:
— און דאָס איז אַ גימל.

כײַקעלע שטײט בײַ דער זײַט און קוקט זיך צו. זי איז נישט צופרידן. כײַקעלען געפעלט נישט דעם טאַטנס לערנען. זאָגט זי:

— נײן, טאַטע, אַזוי איז נישט גוט. אַזוי וועט דויערן צו לאַנג. לאָז מיך. איך וועל אים לערנען, אַזוי ווי מײַן לערער האָט מיט מיר געלערנט. דאָס וועט זײַן לײַכטער און שנעלער.

זאָגט דער טאַטע:

— אַז דו ביסט יאָ אַזאַ כאַכאָמע (חכמה), טאָ לערן דו מיט אים. ווײַז, וואָס דו קענסט!



## 33. כײַקעלע ווערט אַ לערערין

כײַקעלע לויפט אַרײַן אין איר צימער. זי קומט צוריק מיט אַ טאָוועלע, וואָס זי האָט באַקומען אין איר ייִדישער שול.

זי וויַיזט יאָסעלען די ערשטע שורע (שורה) און לייענט לאַנגזאַם, קלאָר און שאַרף:

אַ אָ ע י ײַ ײ ו וי

לייענט יאָסעלע, צוזאַמען מיט קיַיקעלען, אַלע אַכט אויסיעס (אותיות), איין מאָל, צוויי מאָל און דריַי מאָל. זיי לייענען לאַנגזאַם, קלאָר און שאַרף.

— לאָמיר דאָס אויך זינגען, — זאָגט קיַיקעלע. און קיַיקעלע זינגט, צוזאַמען מיט יאָסעלען, אַלע אַכט אוי־סיעס (אותיות):

אַ אָ ע י ײַ ײ ו וי

איין מאָל, צוויי מאָל און דריַי מאָל.

— דאָס איז גענוג פאַר היַינט, — זאָגט קיַיקעלע. — מאָרגן וועלן מיר איבערכאַזערן (חזרן) די אויסיעס פון דער ערשטער שורע (שורה) און דערנאָך וועלן מיר וויַיטער לערנען.

אָבער יאָסעלע זאָגט, אַז עס איז ניט גענוג. ער דאַרף נישט איבערכאַזערן. ער קען שוין די גאַנצע ערשטע שורע. און ער לייענט גליַיך:

אַ אָ ע י ײַ ײ ו וי

אַפילע קיין איין טאָעס (טעות) מאַכט ער נישט!

— אויב דו ביסט שוין יאָ אַזאַ כאָכעם (חכם), — זאָגט קיַיקעלע, — וועלן מיר טאַקע באַלד זען, צי דו קענסט שוין אַלע אויסיעס (אותיות) פון דער ערשטער שורע (שורה).

קיַיקעלע נעמט אַכט קליינע קאַרטעלעך, זי שריַיבט אויף אַלע אַכט אויסיעס (אותיות), זי מישט זיי גוט אויס און זאָגט:

— אויב דו קענסט, טאָ לייען איצט!

לייענט יאָסעלע איין אָס (אות) נאָכן אַנדערן און ער מאַכט ניט קיין שום פעלער. ווערט שוין כייקעלע ווייכער.

—נו, גוט, — זאָגט זי. — לאָמיר פריער אָפּעסן און דערנאָך וועלן מיר ווייטער לערנען.



# 34. מען לערנט ווייטער

כייקעלע נעמט נאָך אַ מאָל אַרויס דאָס טאָוועלע מיט די אויסיעס (אותיות) און זאָגט:

— איצט וועלן מיר לייענען אַלע אַנדערע אויסיעס (אותיות). אָבער געדענק, נאָר לייענען און נישט מער. אויסצולערנען יעדעס אָס (אות) באַזונדער, האָסטו נאָך צייט.

לייען מיט מיר צוזאַמען, אָבער קלאָר און שאַרף:

ק ג ד ה וו ל

און איצט:

ט י כ ל א

ווייטער:

נ ס פּ פֿ

און איצט די לעצטע שורע (שורה):

צ ק ר ש

דאָס זײַנען אַלע אויסנעמס, — זאָגט כײַקעלע. — מיר וועלן זיי יעדן טאָג עטלעכע מאָל איבערכאַזערן (חזרן), ביז דו וועסט זיי אַלע געדענקען. דו דאַרפסט זיך נישט אײַלן; דו האָסט צײַט.

דער ווײַל וועל איך דיך לערנען אויסלייגן. איצט וועלן מיר באַלד זען, צי דו ביסט טאַקע אַזאַ כאָכעם (חכם), ווי דו מיינסט.



## 35. יאָסעלע לערנט אויסלייגן

כײַקעלע זאָגט:

— איך וועל פרעגן און דו וועסט ענטפערן מיט מיר צוזאַמען.

— גוט, — זאָגט יאָסעלע, — איך וועל ענטפערן מיט דיר צוזאַמען.

פרעגט כײַקעלע:

— ווי שרײַבט מען מאַ?

יאָסעלע ווייס ניט, וואָס כײַקעלע מיינט, אָבער ער ענטפערט צוזאַמען מיט איר:

מ—אַ.

פרעגט כײַקעלע:

— ווי שרײַבט מען מאָ?

ענטפערן ביידע:

מ—אָ.

פרעגט כײַקעלע:

— און מע?

ענטפערן בײדע:

מ—ע.

— און מי?

יאָסעלע וואַרט ניט מער. ער ענטפערט שוין אַליין:

מ—י

און מײַ? —— מ—ײַ

מײ? —— מ—ײ

מו? —— מ—ו

מוי? —— מ—וי

יאָסעלע פאַרשטייט שוין, וואָס בײַקעלע מיינט. ער ענטפערט אַליין:

| | |
|---|---|
| באַ?..............ב — אַ | גײ?..............ג — ײ |
| באָ?..............ב — אָ | דו?..............ד — ו |
| בע?..............ב — ע | הוי?..............ה — וי |
| בי?..............ב — י | וי?..............ו — י |
| בײַ?..............ב — ײַ | זע?..............ז — ע |
| בײ?..............ב — ײ | טײ?..............ט — ײ |
| בו?..............ב — ו | יאָ?..............י — אָ |
| בוי?..............ב — וי | כאַ?..............כ — אַ |

דאָס אויסלייגן גייט ווי געשמירט! יאָסעלע ענט-פערט גיך און גוט.

בײַקעלעס אויגן שײַנען פון פרייד.

— יאָ, יאָ, — זאָגט זי, — עס איז עמעס (אמת), אַז דו האָסט אַ גוט קעפּל.

נאָך עטלעכע וואָכן, און דו וועסט קענען לייענען און שרײַבן ייִדיש.

און אַז ס'איז שוין יאָ אַזוי, וועל איך דיר טאַקע באַלד ווײַזן, ווי מען שרײַבט.

# 36. יאָסעלע לערנט שרײַבן

כײַקעלע נעמט דאָס טאָװעלע מיט די אויסיעס. זי נעמט אַ שטיקל דין, דורכזיכטיק פּאַפּיר. זי לייגט דאָס פּאַפּיר אַרויף אויף דעם טאָװעלע. זי נעמט אַ בלײַפֿעדער און מאַכט אַ גוטן שפּיץ. זי װײַזט יאָסעלען, װי מען דאַרף דעם בלײַפֿעדער האַלטן. דערנאָך זאָגט זי:

— אַז מען װיל שרײַבן ייִדיש, מוז מען געדענקען צװײ זאַכן.

אײנס: ייִדיש שרײַבט מען פֿון רעכטס אויף לינקס. פֿאַרשטאַנען?

— יאָ, פֿאַרשטאַנען, — זאָגט יאָסעלע.

— צװײ: דו זעסט די רויטע פּינטעלעך לעבן די אויסיעס (אותיות)? די פּינטעלעך מאַכט מען נישט. די פּינטעלעך װײַזן נאָר, פֿון װאַנען מען פֿאַנגט אָן יעדעס אָס (אות). מען מוז טאָמיד (תמיד) אָנפֿאַנגען לעבן דעם רויטן פּינטעלע. פֿאַרשטאַנען?

— יאָ, פֿאַרשטאַנען, — ענטפֿערט יאָסעלע.

און יאָסעלע הייבט אָן צו שרײַבן.

ער שרײַבט פּאַמעלעך, ער שרײַבט לאַנגזאַם, ער שרײַבט פֿאָרזיכטיק. ער פֿאַנגט טאָמיד (תמיד) אָן לעבן דעם רויטן פּינטעלע. צװײ מינוט — און ער האָט אָנגעשריבן אַלע אויסיעס (אותיות)!

כײַקעלע זאָגט:

— אַז דו װעסט קענען לייענען און שרײַבן אַלע אויסיעס (אותיות), װעסטו קענען שרײַבן ייִדיש.

מאָרגן װעלן מיר װײַטער לערנען.

# 37. בײַקעלע לויבט יאָסעלען

בײַקעלע גײט אַרײַן צו דער מאַמען אין קיך. זי זאָגט:

— דו װײסט, מאַמע? יאָסעלע האָט אַ טײַער קעפּעלע. אין עטלעכע מינוט האָט ער אויסגעלערנט די ערשטע אַכט אויסיעס (אותיות). בײַ די קינדער אין שול האָט עס געדויערט עטלעכע טעג.

אויך אויסלײגן קען ער שוין באַלד. װען ער װעט קענען אַלע אויסיעס (אותיות), װעט ער באַלד לײענען און שרײַבן.

איך האָב מורע (מורא), אַז ער װעט מיך באַלד איבעריאָגן.

דערװײַל לויפט אַרײַן יאָסעלע. ער האָט אַ פולע האַנט מיט פּאַפּירן.

— זע, מאַמע, זע! אַלע אויסיעס (אותיות) האָב איך אָנגעשריבן. צען מאָל אַלע אויסיעס!

ס'איז לײַכט, ס'איז גאָר נישט שװער!

נעמט די מאַמע די פּאַפּירן. זי קוקט זײ אָן און זי גלײבט ניט אירע אײגענע אויגן.

די מאַמע פרעגט:

— דאָס אַלץ האָסטו אַלײן געשריבן?

— יאָ, — זאָגט יאָסעלע, — אויפן טאָװעלע פון די אויסיעס האָב איך געשריבן. בײַקעלע האָט מיר געװיזן און איך האָב אַלײן געשריבן. ס'איז לײַכט, ס'איז זײער לײַכט.

נעמט די מאַמע אַרום יאָסעלען. זי גיט אים אַ קוש אין קעפּל און זאָגט:

— דו ביסט אַ גוט יינגעלע, אַ טײַער יינגעלע
און צו כײַקעלען זאָגט זי:

— און דו ביסט אַ גוטע לערערין. אַז יאָסעלע וועט קענען לייענען און שרײַבן, וועל איך קויפן צוויי שיינע מאַטאָנעס (מתּנות): דיר אַ מאַטאָנע (מתּנה) און יאָ־סעלען אַ מאַטאָנע (מתּנה).



# 38. יאָסעלע לערנט ווײַטער

יעדן טאָג האָט יאָסעלע געוואַרט, אַז כײַקעלע זאָל שוין קומען פון דער ייִדישער שול. און אַז זי איז גע־קומען, האָט זיך באַלד אָנגעהויבן יאָסעלעס לעקציע.

כײַקעלע האָט געלערנט מיט יאָסעלען פּונקט אַזוי, ווי דער לערער האָט מיט איר געלערנט.

פריִער האָט זי מיט אים עטלעכע מאָל איבערגע־כאַזערט (חזרט) אַלע אויסיעס. דערנאָך האָט זי אים עטלעכע מינוט געלערנט אויסלייגן.

צוערשט לײַכטע ווערטער, ווי: גיי, זע, דו, יאָ, מו, ניין, פּע, צו, שאַ. דערנאָך אַזעלכע ווערטער, ווי: טאַטע, מאַמע, גוטע, הויכע, שיינע, קאַשע און אַנדערע.

שפּעטער האָט זי גענומען ווערטער, ווי: בער, גוט, הייס, טיש, יאָר, טאָפּ, ליב, נאַר, פעל, קויש, רויט.

און נאָך שפּעטער אַזעלכע ווערטער, ווי: ביכלע, סעמעלע, כײַקעלע, לימענע, שענערע, ווײַגעלע און נאָך אַנדערע ווערטער פון איר לייענבוך.

יעדן טאָג האָט יאָסעלע עטלעכע מינוט געשריבן אויף טאָוועלעך. פריִער אויפן טאָוועלע פון די אויסי־

עס (אותיות) און דער נאָך אויף טאָוועלעך מיט ווערטער און מיט לײַכטע זאַצן.

קײַקעלע האָט געטאָן אַ קוראַט, וואָס איר לערער האָט געטאָן. זי האָט פֿאַר יאָסעלען געמאַכט קאַרטלעך מיט אַלע אויסיעס (אותיות). זי האָט געמאַכט קאַרטלעך מיט גאַנצע ווערטער. יעדן טאָג האָט זי מיט אים געלערנט עטלעכע ווערטער. פֿריער קורצע ווערטער און שפּעטער לענגערע.

קײַקעלע האָט אויך אָנגעזאַמלט אַ סאַך (סך) בילדעלעך. זי האָט זיי אויסגעשניטן און אויפֿגעקלעפּט אויף טאָוועלעך.

יאָסעלע האָט זייער ליב געהאַט צו לערנען פֿון די בילדער. קײַקעלע האָט גענומען אַ בילד. זי האָט גערעדט שאַרף און קלאָר:

— דאָס איז אַ מאַן.
ער איז אַ טאַטע.
דער טאַטע האָט אַ קינד.
דאָס קינד איז אַ ייִנגעלע.
דער טאַטע לייענט אַ צײַטונג.
דאָס ייִנגעלע זיצט אויף דעם דיל.

יאָסעלע האָט אַלץ נאָכגעזאָגט.

יאָסעלע האָט אויך גערעדט קלאָר און שאַרף. יעדן טאָג האָט ער געלערנט עטלעכע נײַע בילדער. ער האָט איבערגעכאַזערט (חזרט) די אַלטע און גענומען עטלעכע נײַע.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט יאָסעלע אָנגעפֿאַנגען צו לייענען פֿונם ביכעלע. אין אָנפֿאַנג האָבן זיי געלייענט צוזאַמען. דערווײַל האָט יאָסעלע יעדן טאָג אויסגעלערנט עטלעכע נײַע אויסיעס (אותיות). און ווי

נאָר ער האָט געקענט אַלע אויסיעס (אותיות), האָט ער שוין געלייענט אַליין.

יאָסעלע האָט פאַרשטאַנען, וואָס ער לייענט. פון די בילדער, וואָס כײַקעלע האָט מיט אים געלערנט פאַר יעדער נײַער לעקציע, האָט יאָסעלע כּמעט (כּמעט) אַלץ פאַרשטאַנען.



## 39. יאָסעלע שרײַבט אַ בריוועלע

אַז יאָסעלע האָט שוין געקענט אַלע אויסיעס (אותיות), האָט ער געמיינט, אַז ער קען שוין אַלץ. האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן צו כײַקעלען אַזאַ בריוועלע:

ליִבע כײַקעלע:
יִכ קען שוין שרײַבן. יִכ קען שוין לײענען.
יִכ וועל גײן ין שול אַרײַן.
יִכ וויל ויכ לערנען.
דײַן ברודער יאָסעלע.

אַז כײַקעלע האָט דערזען דאָס בריוועלע, האָט זי זיך שטאַרק צעלאַכט.

— ניין, — האָט זי געזאָגט. — דו קענסט נאָך נישט שרײַבן. אַזוי איינפאַך איז עס נישט. איך מוז דיר נאָך פריער עפּעס ווײַזן. אָט זע!

# 40. כײַקעלע װײַזט עפּעס נײַס

כײַקעלע נעמט אַ פּאַפּיר און שרײַבט אָן די פּינת אויסיעם

י ײַ ײ ו ױ

זי זאָגט: — ליִען!
ליִענט יאָסעלע גיך און גוט:

י ײַ ײ ו ױ

זאָגט כײַקעלע:

— ווען אָט די פּינת אויסיעם קומען בײַם אָנפאַנג פון אַ וואָרט, שרײַבט מען ניט

י ײַ ײ ו ױ

נאָר מען שרײַבט:

אי אײַ אײ או אױ

לעמאָשל (למשל): מען טאָר נישט שרײַבן:

יר ײַל ײנס ונז ױג

נאָר מען מוז שרײַבן:

איר אײַל אײנס אונז אױג

מײַן לערער — זאָגט כײַקעלע — רופט אָט די פּינת אויסיעם:

אָנפאַנג אִי

אָנפאַנג אַײ

אָנפאַנג אײ

אָנפאַנג או

אָנפאַנג אוי

פאַרשטייִסטו שוין?

— יאָ, איִך פאַרשטייִ שוין, — זאָגט יאָסעלע.

— און איִצט קומט נאָך אַ זאַך:

ווען אַ וואָרט ענדיקט זיִך מיִט דיִ אויסיִעס (אותיות)

כ מ נ פ צ

שרייַבט מען נישט כ נאָר ך

נישט מ נאָר ם

נישט נ נאָר ן

נישט פ נאָר ף

נישט צ נאָר ץ

מײַן לערער רופֿט אָט די אויסגאַנג־אותיות:

ענדע

ענדע

ענדע

ענדע

ענדע

— אויב אַזוי, — זאָגט בײַקעלע, — טאָ נעם און פֿאַרריכט אַלע גרײַזן פֿונעם בריוועלע, וואָס דו האָסט מיר געשריבן.

יאָסעלע קוקט זיך גוט אײַן אין די אָנפֿאַנג־אויסגאַנג (אותיות). ער קוקט זיך גוט אײַן אין די ענדע־אויסגאַנגען.

בײַקעלע שטעלט אַוועק די רויטע פֿינגערלעך, כּדי ער זאָל וויסן, פֿון וואַנען אָנצופֿאַנגען.

דער נאָך פֿאַרריכט יאָסעלע די פֿעלער פֿונעם בריוועלע און עס קומט אַרויס אַזוי:

ליבע בײַקעלע:

איך קען שוין שרײַבן. איך קען שוין
לייענען. איך וויל גיין אין שול אַרײַן.
איך וויל אויך לערנען.

דײַן ברודער יאָסעלע.

כײַקעלע ליִיענט. דאָס בריװעלע און איר פּאָנעם (פּנים) צעשמײכלט זיך פֿון פֿרײד.

— דאָס איז גוט, דאָס איז ריכטיק, — זאָגט כײַקעלע.



## 41. יאָסעלע לערנט די געדרוקטע אויסיעס (אותיות)

— און דאָס איז שוין אַלץ? — פֿרעגט יאָסעלע.

— ניין, — ענטפֿערט כײַקעלע. — פֿאַראַן נאָך עטלעכע אַנדערע זאַכן, אָבער דאָס קומט ערשט שפּעטער.

דערװײַל דאַרפֿסטו אויסלערנען די געדרוקטע אויסיעס (אותיות). דאָס דויערט בלויז עטלעכע טעג. ווי נאָר דו וועסט קענען ליִיענען אויך די געדרוקטע אויסיעס (אותיות), וועסטו שוין קענען ליִיענען גאַנצע ביכער.

און ריכטיק! אין עטלעכע טעג האָט יאָסעלע אויסגעלערנט אַלע געדרוקטע אויסיעס (אותיות). איצט האָט ער אָנגעפֿאַנגען צו ליִיענען אויך די געדרוקטע לעקציעס. אין אָנפֿאַנג האָט ער געליִיענט זייער פּאַמעלעך. באַלד אָבער האָט ער אָנגעהויבן צו ליִיענען בעסער און שנעלער.

אין עטלעכע וואָכן אַרום האָט שוין יאָסעלע געליִיענט קימאַט (כּמעט) אַזוי גוט ווי כײַקעלע.

# 42. די מאַמע האַלט וואָרט

איין מאָל, ווען דער טאַטע איז געקומען פֿון דער אַרבעט, האָט די מאַמע אַלעמען אַרײַנגערופֿן אין גאַסט־צימער.

אויפֿן טיש זײַנען געשטאַנען צוויי בוקעטן מיט בלומען. לעבן די בלומען זײַנען געלעגן צוויי לעדער־נע שול־טאַשן.

אויף איין טאַש איז געלעגן אַ קאַרטעלע:

„אַ מאַטאָנע (מתנה) פֿאַר כײַקעלען".

אויפֿן אַנדערן טאַש איז געלעגן אַ קאַרטעלע:

„אַ מאַטאָנע (מתנה) פֿאַר יאָסעלען".

אויף די טעלער זײַנען געלעגן אַ סאַך (סך) גוטע נאַשערײַען.

— וואָס איז דאָס אַ געבורטסטאָג? — האָט דער טאַטע געפֿרעגט.

— ניין, — האָט די מאַמע געזאָגט. — דאָס איז אַ סודע (סעודה) פֿאַר כײַקעלען און יאָסעלען.

— וואָס איז די סימכע (שמחה)?

האָט די מאַמע געזאָגט:

— כײַקעלע האָט יאָסעלען אויסגעלערנט לייענען און שרײַבן. קומט זיי דערפֿאַר אַ שיינע מאַטאָנע (מתנה). האָב איך שוין אין איינעם פֿאַר זיי אויך גע־מאַכט אַ שטיקעלע סודע (סעודה). זעצט זיך אַלע אַוועק און מיר וועלן אָנהייבן.

כײַקעלען און יאָסעלען האָט די מאַמע אַוועקגע־זעצט אויבן אָן. זי און דער טאַטע האָבן זיך געזעצט פֿון ביידע זײַטן.

— איצט ברענג דײַן בוך און לײען פאַרן טאַטן, — האָט די מאַמע געזאָגט.

יאָסעלע האָט געבראַכט דאָס בוך און ער האָט אָנגעפאַנגען צו לײענען. ער האָט געלײענט גיך און גוט אַזוי װי אַ גרױסער.

דער טאַטע האָט געהערט און ער האָט נישט געגלײבט זײַנע אײגענע אויערן.

— װי איז דאָס מעגלעך? ער לײענט דאָך װי אַ דערוואַקסענער מענש!

— און שרײַבן קען ער אױך!, — האָט כײַקעלע געזאָגט. — װײַז דײַן העפט, יאָסעלע!

יאָסעלע האָט געװיזן דעם טאַטן זײַן העפט. דער טאַטע האָט אַרײַנגעקוקט און ער האָט קױם געגלײבט זײַנע אױגן.

— זע נאָר, פײגע, זע נאָר, װי אונזער זונעלע שרײַבט! ס'איז דאָך אַ פרײד אָנצוקוקן.

— איך װײס דאָס שױן פון לאַנג, — זאָגט די מאַמע. — איצט עסט פון די גוטע זאַכן.

אַלע האָבן געגעסן. אַלע זײַנען געװען פרײלעך.

פרעגט דער טאַטע:

— זאָג נאָר, כײַקעלע, װי האָסטו דאָס געמאַכט? װי האָסטו אים אַזױ שנעל אױסגעלערנט?

ענטפערט כײַקעלע:

— איך האָב מיט אים געלערנט פונקט אַזוי, װי מײַן לערער האָט מיט אונז געלערנט. ס'איז זײער לײַכט!

— איצט װעל איך שױן אױך קענען גײן אין שול אַרײַן, — זאָגט יאָסעלע.

— יאָ, איצט וועסטו שוין קענען גיין, — האָט דער טאַטע געענטפערט. — איך האָף, אַז דער לערער וועט דיך אַרײַנגעמען אין שול.

איך וועל מיט דיר גיין צום לערער. איך וויל זיך מיט אים באַקענען. איך וויל זען, ווי ער לערנט מיט די קינדער.

ער איז דאָך ניט קיין לערער, ער איז דאָך גאָר אַ קינ־שעף־מאַכער (כּשוף).



## 43. אַ גליקלעכער טאָג

זונטיק אין דער פרי איז דער טאַטע מיט כּײַקעלען און מיט יאָסעלען געקומען אין שול אַרײַן.

— איך בין כּײַקעלעס פאָטער, — האָט דער טאַטע געזאָגט. — און דאָס איז מײַן זון יאָסעלע. ער איז אַ גוט יינגעלע. ער וויל אויך גיין אין שול אַרײַן. ער וויל לערנען.

האָט דער לערער געזאָגט:

— אַ שאָד, אַ שאָד! איצט איז שוין שפּעט. דער קלאַס קען שוין לייענען און שרײַבן. אײַער יאָסעלע איז נאָך גאָר אַ יונגינקער. ער וועט ניט קענען אָניאָגן די אַנדערע קינדער. ער וועט שוין מוזן וואַרטן ביז איבער אַ יאָר.

יאָסעלעס הערצעלע האָט שטאַרק געקלאַפּט. ער האָט זיך שיִר ניט צעוויינט.

אָבער דער טאַטע האָט ניט געשוויגן.

— מײַן יאָסעלע קען שוין לײענען און שרײַבן. בײַ־קעלע האָט מיט אים געלערנט. ער לײענט און שרײַבט קימאַט (כּמעט) אַזוי גוט ווי בײַקעלע.

איצט איז דער לערער ווײכער געוואָרן.

— אויב אַזוי, — האָט ער געזאָגט, — וועל איך יאָ־סעלען פֿאַרהערן.

יאָסעלע האָט געלײענט אין בוך. ער האָט געלײ־ענט גיך און גוט. יאָסעלע האָט געשריבן אויפֿן טאָוול. ער האָט געשריבן אַזוי:

איך קען שרײַבן. איך קען לײענען. איך וויל לער־נען אין שול.

— ער קען אויך אַלע פּאָעמעס, וואָס מיר האָבן גע־לערנט, — האָט בײַקעלע געזאָגט. — ער קען זײ אַלע אויסנווייניק.

דאָס איז געווען גענוג. דער לערער האָט געגלעט יאָסעלעס קעפּעלע און ער האָט געזאָגט:

— איך בין זײער צופֿרידן צו האָבן אַזאַ שילער ווי דו ביסט. איך וועל דיך אַרײַננעמען אין שול. דו וועסט זיצן לעבן מאָטלען. מאָטל וועט דיר ווײַזן, ווי מיר פֿירן זיך אין שול.

אַז יאָסעלע און בײַקעלע און דער טאַטע זײַנען געקומען אַהײם, האָט יאָסעלע געזאָגט:

— איך בין הײַנט זײער גליקלעך. דאָס איז דער גליקלעכסטער טאָג פֿון מײַן לעבן.



# 44. דאָס יאָר

דאָס יאָר האָט צוועלף מאָנאַטן.
די צוועלף מאָנאַטן הייסן:

יאַנואַר, פעברואַר, מערץ,
אַפּריל, מאַי, יוני,
יולי, אויגוסט, סעפּטעמבער,
אָקטאָבער, נאָוועמבער, דעצעמבער.

יאַנואַר איז דער ערשטער מאָנאַט.
דעצעמבער איז דער לעצטער מאָנאַט.
ביי קעלעס געבורטסטאָג איז דעם צענטן יאַנואַר.
יאָסעלעס געבורטסטאָג איז דעם צוואַנציקסטן יולי.

דאָס יאָר האָט פיר ציַיטן. די ציַיטן פונם יאָר הייסן:
פרילינג, זומער, הערבסט און ווינטער.

דער פרילינג האָט דריי מאָנאַטן.
דער זומער האָט דריי מאָנאַטן.
דער הערבסט האָט דריי מאָנאַטן.
דער ווינטער האָט דריי מאָנאַטן.

אַ מאָנאַט האָט פיר וואָכן.
אַ וואָך האָט זיבן טעג.
די טעג פון דער וואָך הייסן:

זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָך,
דאָנערשטיק, פרייטיק און שאַבעס (שבת).

זונטיק איז דער ערשטער טאָג פון דער וואָך.
שאַבעס (שבת) איז דער זיבעטער טאָג פון דער וואָך.

פרייטיק איז ערעוו־שאַבעס (ערב־שבת).

ערעוו־שאַבעס (ערב־שבת) פאַרנאַכט צינדט מען אָן ליכט.

אַ פרומער ייִד אַרבעט נישט אום שאַבעס (שבת).

אַז די באָבע קומט, זאָגט זי:

— גוט שאַבעס (שבת), קינדערלעך, גוט שאַבעס!



# 45. הערבסט

ווען יאָסעלע איז אָנגעקומען אין שול אַריין, האָט מען געלערנט פון הערבסט. אָט וואָס מען האָט געלערנט:

הערבסט נעמט דער פאַרמער אַראָפּ די לעצטע פרוכטן.

הערבסט ווערן די טעג קירצער.

די שטראַלן פון דער זון ווערן שוואַכער.

די היצן ווערן קלענער.

די בלעטער הייבן אָן צו וועלקן.

אין די לעצטע וואָכן פון הערבסט קומען קאַלטע ווינטן. אין די לעצטע וואָכן פון הערבסט קומען שטאַרקע רעגנס. די בלעטער פאַלן אַראָפּ פון די ביימער.

אַ סאַך (סך) פייגל פליען אַוועק אין די וואַרעמע לענדער.

הערבסט מוז מען אָנגרייטן האָלץ און קוילן.

הערבסט מוז מען אָנגרייטן וואַרעמע קליידער.

אַז דער טאַטע אַרבעט, איִז גוט.
אַז דער טאַטע פֿאַרדיִנט געלט, איִז איִן הויז וואַרעם.
אָרעמע לײַט זאָרגן זיִך, ווען דער הערבסט קומט. די
אָרעמע לײַט פֿרעגן:
— מיִט וואָס וועט מען קויפֿן קוילן?
— מיִט וואָס וועט מען קויפֿן וואַרעמע קלײדער?



## 46. זומערלעב, זומערלעב, גײ ניִט אַוועק!

זומערלעב, זומערלעב, גײ ניִשט אַוועק
און שיִק ניִשט דעם הערבסט אונז דעם קיִלן!
אַ נאַסער, אַ גרויער, אַ טריִבער איִז ער
און לאָזט קלײנע קיִנדער ניִשט שפּיִלן.

וויִנטן און רעגנס נאָר ברענגט ער מיִט זיִך
און קיִנדער פֿאַרשפּאַרט ער איִן הײַזער;
דערזעט ער, אַז קיִנדערלעך שפּיִלן איִן גאַס,
צעברומט ער זיִך מיִט אַ געבײזער.

וויו, וויו, וויו! — וואָיעט ער, —
מען קען הײַנט איִן גאַס זיִך ניִשט שפּיִלן!
וויו, וויו, וויו! — וואָיעט ער, —
מען קען הײַנט איִן גאַס זיִך פֿאַרקיִלן!

זומערלעב, זומערלעב, גײ ניִשט אַוועק
און שיִק ניִשט דעם הערבסט אונז דעם קיִלן!
אַ נאַסער, אַ גרויער, אַ טריִבער איִז ער
און לאָזט קלײנע קיִנדער ניִשט שפּיִלן.

## 47. אױס זומער

דער ליבער זומער איז אַװעק,
רעגנס קאַפּען גאַנצע טעג.
נאַסע װינטן בלאָזן קאַלט,
טרײַבן פײגל פֿונעם װאַלד.

פֿײגעלעך, פֿײגעלעך,
פֿליט מיט גליק!
געזונטערהײט,
נאָר קומט צוריק.



## 48. אַ הערבסט־ליד

עס איז דער הערבסט געקומען,
עס װעלקן בױם און בלום.
טױטע, געלע בלעטער
װאַלגערן זיך אַרום.

עס קומט אַ װינט אַ קאַלטער,
פֿײַפֿט אַ לידל צו —
און די אָרעמע בלעטער —
האָבן נישט קײן רו.

# 49. ווינטער

ווינטער האָבן מיר קאַלט וועטער.

ווינטער האָבן מיר שטאַרקע קעלטן.

דער שניי באַדעקט אַלע גאַסן, אַלע הײַזער און אַלע ביימער.

ווינטער בלאָזן קאַלטע ווינטן און זאַווערוכעס.

ווינטער האָבן מיר שטאַרקע פֿרעסט.

די טײַכן ווערן פֿאַרפֿרוירן.

די טײַכן באַדעקן זיך מיט אײַז.

אַז עס פֿאַלט אויס אַ גרויסער שניי, זײַנען די קינדער גליקלעך.

מען שפּילט זיך מיט קוילן שניי.

מען מאַכט אַ שניימאַן.

מען גליטשט זיך אויפֿן אײַז.

מען שליטלט זיך מיט שליטעלעך.

די קינדער זײַנען פֿריילעך, די קינדער זײַנען גליקלעך.

☆

ווינטער מוז מען אָנטון וואַרעמע קליידער. אַז מען טוט נישט אָן קײַן וואַרעמע קליידער, קען מען זיך פֿאַרקילן.

אַז מען האָט אַ פֿאַרקילונג, מוז מען ליגן אין בעט.

די מאַמע רופֿט דעם דאָקטער.

דער דאָקטער פֿאַרשרײַבט אַ מעדיצין.

ביז מען ווערט נישט געזונט, מוז מען בלײַבן אין בעט.

איין מאָל איז אויסגעפאַלן אַ גרויסער שניי. יאָסעלע האָט גענומען זײַן שליטעלע און איז אַרויס אויף דער גאַס.

באַלד איז ער צוריקגעקומען. ער האָט זיך נישט געשליטלט. ער איז געווען זייער טרויעריק.

— וואָס איז געשען? — האָט די מאַמע געפרעגט.

יאָסעלע האָט זיך שיער נישט צעוויינט:

— איך וויל זיך נישט שליטלען. טאָבי האָט נישט קיין שיך. טאָבי האָט נישט קיין מענטעלע.

זײַן מאַמע האָט נישט קיין געלט. מוז טאָבי זיצן אין שטוב. ער קען נישט אַרויסגיין אין גאַס. און אַז טאָבי קען זיך נישט שליטלען, וויל איך זיך אויך נישט שליטלען.

האָט די מאַמע געזאָגט:

— וויין נישט, קינד מײַנס. טאָביס מאַמע וועט באַלד געזונט ווערן. זי וועט אַרבעטן און זי וועט טאָבין קויפן וואַרעמע קליידער. איר וועט נאָך צײַט האָבן זיך צו שליטלען.

די מאַמע האָט יאָסעלען אַרומגענומען און געזאָגט:

— דו ביסט אַ גוט יינגעלע. דו האָסט אַ גוט הערצעלע. דו ביסט אינגאַנצן ווי דער טאַטע. דער טאַטע האָט אויך אַ גוט האַרץ.



## 50. דער ערשטער שניי

אויף די פעלדער איז ע מעץ
אַ ווייסער געפלויגן.
ער האָט אַלע טײַכלעך
מיט זילבער באַצויגן.

ער האָט אויף די לאָנקעס
זײַן מאַנטל פאַרלאָרן.
גאָטס וועלט איז פון דעמאָלט
אַ ווײַסע געוואָרן.



## 51. אויפן גליטש

היט זיך, היט זיך, האָפּ, האָפּ, האָפּ!
כ'לאָז זיך פונם באַרג אַראָפּ.

אין אַ שליטל ווי אַ ווינט
לאָז איך זיך פון באַרג געשווינד.

ווי אַ פערדל אויף געיעג,
היט זיך, היט זיך, מאַכט אַ וועג!

היט זיך, היט זיך, האָפּ, האָפּ, האָפּ!
כ'לאָז זיך פונם באַרג אַראָפּ.



# 52. אַ גוטע בסורע (בשורה)

דער לערער האָט געזאָגט:

— אין צוויי וואָכן אַרום קומט דער יאָמטעוו כאַנוקע (יום־טוב חנוכּה). כאַנוקע (חנוכּה) איז אַ שיינער יאָמטעוו (יום־טוב). כאַנוקע איז אַ פרייַלעכער יאָמטעוו (יום־טוב). פון מאָרגן אָן וועלן מיר יעדן טאָג לערנען פון כאַנוקע (חנוכּה). ווער ווייסט עפּעס פון כאַנוקע?

מאָטל האָט געזאָגט:

— כאַנוקע צינדט מען אָן כאַנוקע־ליכט.

שימעלע האָט געזאָגט:

— כאַנוקע קריגט מען כאַנוקע־געלט.

כייקעלע האָט געזאָגט:

— כאַנוקע עסט מען לאַטקעס מיט שמאַלץ.

זיסעלע האָט געזאָגט:

— כאַנוקע שפּילט מען אין דריידל.

— דאָס איז ריכטיק, — האָט דער לערער געזאָגט.

ער האָט אַרויסגענומען אַ כאַנוקע ־ לעמפּל און געוויזן די קינדער. ער האָט געוויזן די קליינינקע ליכטעלעך. ער האָט געוויזן אַ דריידל.

— מאָרגן וועלן מיר לערנען די געשיכטע פון כאַנוקע, — האָט דער לערער געזאָגט.

אַז יאָסעלע איז אַהיימגעקומען, האָט ער באַלד דערציילט זייַן מאַמען:

— כאַנוקע צינדט מען אָן כאַנוקע־ליכט.
כאַנוקע באַקומט מען כאַנוקע־געלט.
כאַנוקע עסט מען לאַטקעס מיט שמאַלץ.
כאַנוקע שפּילט מען אין דריידל.

# 53. די געשיכטע פון כאַנוקע (חנוכה)

## דער שלעכטער קעניג

מיט אַ סאַך (סך) יאָרן צוריק האָבן די ייִדן געהאַט אַן אייגן לאַנד. ערעץ־ייִסראָעל (ארץ־ישראל) האָט דאָס לאַנד געהייסן. נישט ווײַט פון ערעץ־ייִסראָעל געפינט זיך אַ לאַנד מיטן נאָמען סירי ע. האָט דאָרט גע־הערשט אַ גריכישער קעניג מיטן נאָמען אַנטיאָכוס (אנטיוכוס).

אַנטיאָכוס האָט אויך געהערשט איבער די ייִדן פון ערעץ־ייִסראָעל (ארץ־ישראל).

איין מאָל האָט זיך דעם קעניג אַנטיאָכוס פאַר־גלוסט, אַז די ייִדן זאָלן ווערן גריכן.

ער האָט געוואָלט, אַז די ייִדן זאָלן אויפהערן צו גלייבן אין איין גאָט.

ער האָט געוואָלט, אַז די ייִדן זאָלן אויפהערן צו רעדן זייער שפּראַך העברעאיש.

ער האָט געוואָלט, אַז די ייִדן זאָלן זיך בוקן צו די גריכישע געטער.

ער האָט געוואָלט, אַז די ייִדן זאָלן ווערן געצנדינער.

## די ייִדן ווילן נישט פאָלגן

אָבער די ייִדן האָבן נישט געוואָלט פאָלגן דעם קע־ניג.

זיי האָבן נישט געוואָלט ווערן קיין געצנדינער.

זיי האָבן נישט געוואָלט ברענגען קיין קאָרבאָנעס (קרבנות) צו די געצן.

זיי האָבן ווײַטער געגלייבט אין איין גאָט.
זיי האָבן ווײַטער אָפּגעהיט אַלע יידישע געזעצן.
זיי האָבן ווײַטער גערעדט העברעאיש.
זיי זײַנען ווײַטער געבליבן יידן.

## דעם קעניגס באַפעל

וואָס טוט אַנטיאָכוס? — אַנטיאָכוס איז געווען אַ שלעכטער קעניג. ער איז געווען אַ גרויסער אַכזאָר (אכזר). ער האָט אויף קיינעם קײַן ראַכמאָנעס (רחמנות) נישט געהאַט.

האָט אַנטיאָכוס אַרויסגעגעבן אַזאַ באַפעל:

— ווער עס וועט נישט פאָלגן דעם קעניג,

דער וועט ווערן געטויט!

און דער ראָשע (רשע) אַנטיאָכוס האָט געשיקט זײַנע סאָלדאַטן קײַן ערעץ־יסראָעל.

די סאָלדאַטן האָבן פאַראומרייניקט דעם ביים־האַמיקדעש (בית־המקדש).

זיי האָבן אַרײַנגעשטעלט אין ביים־האַמיקדעש גריכישע געצן.

זיי האָבן געשלאָגן און געהאַרגעט (געהרגעט) גרויס און קליין.

זיי האָבן נישט געשאַנעוועט קײַן קליינע קינדער.
זיי האָבן נישט געשאַנעוועט קײַן מאַמעס.
איז טאַקע געווען שלעכט, זייער שלעכט!

## מאַטיסיאָהו (מתתיהו) און זײַנע זין

אײן מאָל זײַנען די סאָלדאַטן פונם קעניג געקומען אין אַ קלײן שטעטעלע. זײ האָבן צונויפגענומען אַלע ייִדן און געזאָגט:

— פאָלגט דעם קעניג און ברענגט אַ קאָרבן (קרבן) צו אונזערע געטער. אויב נישט, וועט איר אַלע געטויט ווערן!

איז דאָרט געווען אַן אַלטער, ערלעכער מאַן מיטן נאָמען מאַטיסיאָהו (מתתיהו).

מאַטיסיאָהו האָט געהאַט פינף שטאַרקע, העלדישע זין.

האָבן זײ אַלע אַרויסגעצויגן זײערע שווערדן און זיך אַ לאָז געטאָן אויפן קעניגס סאָלדאַטן.

מאַטיסיאָהו און זײַנע זין האָבן די סאָלדאַטן גוט צעשלאָגן און אַרויסגעטריבן פון דער שטאָט.

## די מילכאָמע (מלחמה)

דעמאָלט האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ לאַנגע מילכאָמע (מלחמה) צווישן אַנטיאָכוסעס סאָלדאַטן און די ייִדן.

נאָכן טויט פונם אַלטן מאַטיסיאָהו (מתתיהו) איז יעהודאָ (יהודה) געוואָרן דער קאָמאַנדיר פון די ייִדישע סאָלדאַטן. יעהודאָ איז געווען זײער שטאַרק. ער איז געווען אַ גרויסער העלד. ער איז געווען אַ גרויסער גיבער (גבור).

דער בײזער קעניג האָט געשיקט אײן אַרמײ נאָך דער אַנדערער. די אַרמײען זײַנען געווען גרויסע און

שטאַרקע, אָבער יעהודאַ (יהודה) האָט זיי אַלע צע־קלאַפּט.

יעהודאַ (יהודה) און זיינע ברידער האָבן געקעמפט ווי די לייבן. זיי האָבן זיך אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז זיי האָבן אַלע פיינד אַרויסגעטריבן פון ערעץ־ייסראָעל (ארץ־ישראל).

## דער יאָמטעוו (יום־טוב)

איצט איז יעהודאַ מיט זיינע סאָלדאַטן אַוועק קיין יערושאָלאַיים (ירושלים).

זיי האָבן אויסגערייניקט און באַנייט דעם בייס־האַמיקדעש (בית־המקדש).

ביי די יידן איז געוואָרן אַ גרויסע פרייד, אַ גרויסע סימכע (שמחה). אַכט טעג האָט געדויערט דער יאָמ־טעוו (יום־טוב). יעדן אָוונט האָט מען דעם בייס־האַ־מיקדעש (בית־המקדש) באַלויכטן מיט גרויסע פייערן. מען האָט געטאַנצט און געזונגען אין אַלע גאַסן. די יידן זיינען געווען פריי. די יידן זיינען געווען גליקלעך.

פון דעמאָלט אָן פייערט מען יעדעס יאָר דעם יאָמ־טעוו כאַנוקע (יום־טוב חנוכה).

אַכט טעג נאָכאַנאַנד צינדט מען אָן כאַנוקע־ליכט־לעך. מען עסט גוטע זאַכן. מען זינגט פריילעכע לי־דער און מען דערמאַנט די העלדן, וועלכע האָבן באַ־פרייט די יידן פון זייערע סאָנים (שונאים).

אָט דאָס איז די געשיכטע פון כאַנוקע (חנוכה).



## 54. אוי כאַנוקע, אוי כאַנוקע (חנוכּה)!

אוי כאַנוקע, אוי כאַנוקע,
אַ יאָמטעוו אַ שײנער.
אַ לוסטיקער, אַ פרײלעכער,
ניטאָ נאָך אַזוינער.

אַלע נאַכט אין דרײדל
שפּילן מיר.
הײסע, פּעטע לאַטקעס
עסן מיר.

געשווינדער, צינדט, קינדער,
די דינינקע ליכטלעך אָן.
און לאָמיר אַלע אינאײנעם,
אינאײנעם, אינאײנעם,
זינגען און טאַנצן אין קאָן —

און לאָמיר אַלע אינאײנעם,
אינאײנעם, אינאײנעם,
זינגען און טאַנצן אין קאָן.



## 55. דאָס דרײדל

איך דריי דאָס דרײדל רונד אַרום,
פאַלט דאָס דרײדל אויף דער נון:
נעם, נעם, נעם (נס).

דריי איך ווײַטער פול מיט טומל,
פאַלט דאָס דרײדל אויף דער גימל:
גאָדויל, גאָדויל, גאָדויל (גדול).

דריי איך אַלץ, דריי איך און דריי,
פאַלט דאָס דריידל אויף דער הײ (הא):
האָיאָ, האָיאָ, האָיאָ (היה).

דריי איך ווידער, הער און הין,
פאַלט דאָס דריידל אויף דער שין:
שאָם, שאָם, שאָם (שם).



## 56. כאַמישאָסאָר (חמשה עשר)

עטלעכע וואָכן נאָך כאַנוקע (חנוכה) האָט מען זיך אין שול גענומען גרייטן צו אַ נײַעם יאָמטעוו (יום־טוב).

דער לערער האָט געזאָגט:

— אין אַ פּאָר וואָכן אַרום קומט דער יאָמטעוו כאַמישאָסאָר (חמשה עשר).

ווען איז כאַמישאָסאָר?

וואָסער יאָמטעוו איז כאַמישאָסאָר?

דעם פופצנטן טאָג פונם יידישן כוידעש שוואַט (חודש שבט) האָבן מיר כאַמישאָסאָר (חמשה עשר).

כאַמישאָסאָר איז אַ יאָמטעוו (יום־טוב) פון די ביימער אין ערעץ־ייסראָעל (ארץ־ישראל).

כאַמישאָסאָר איז דאָס נײַ־יאָר פון די ביימער אין ערעץ־ייסראָעל.

אין דער צײַט פון כאַמישאָסאָר (חמשה עשר) איז בײַ אונז נאָך ווינטער.

אין דער צײַט פון כאַמיש אָסאָר האָבן מיר נאָך פרעסט און שנייען.

אָבער אין ערעץ־ייִסראָעל איז אַנדערש.

כאַמיש אָסאָר קומט אין ערעץ־ייִסראָעל דער פרי־לינג. די ביימער הייבן אָן צו בליִען.

די פעלדער באַדעקן זיך מיט גרעזעלעך און מיט בלימעלעך. פון די גערטענער טראָגן זיך פרישע, זיסע ריי־כעס (ריחות).

די ייִדן פון ערעץ־ייִסראָעל (ארץ־ישראל) האָבן זיי־ער ליב ביימער. מאַכט מען לעקאָוועד (לכּבוד) זיי אַ יאָמטעוו. מען עסט גוטע פרוכטן. מען זינגט פריילע־כע לידער. מען ווינטשט די ביימער אַ גליקלעך נײַ יאָר.



## 57. יונגע ביימעלעך

כאַמיש אָסאָר (חמשה עשר) פלאַנצן די קינדער פון ערעץ־ייִסראָעל (ארץ־ישראל) נײַע ביימעלעך. די קינדער פון אַלע שולן גייען אַרויס אין די פעלדער. אַלע קינדער שטעלן זיך אויס אין לאַנגע שורעס (שורות). יע־דעס קינד שטעלט זיך לעבן אַ גריבעלע. לעבן יעדן גריבעלע ליגט אַ יונג פלענצעלע.

— איז אַלץ גרייט? — פרעגט דער לערער.

— גרייט! — ענטפערן די קינדער.

— יעדער זאָל נעמען זײַן ביימעלע!

אַלע קינדער נעמען די ביימעלעך.

— יעדער זאָל אַרײַנשטעלן דאָס בײמעלע אין זײַן גריבעלע!

אַלע קינדער שטעלן אַרײַן די בײמעלעך.
— יעדער זאָל צודעקן דאָס גריבעלע מיט ערד!
אַלע הענטעלעך דעקן צו די גריבעלעך.

— אַלע פֿאַר טיק?

— פֿאַר טיק, — ענטפֿערן די קינדער.

— באַגיסן מיט וואַסער! — רופֿט אויס דער לערער.

פֿון בײמעלע צו בײמעלע גייען קינדער מיט קענדעלעך וואַסער. מען באַגיסט אַלע בײמעלעך.

— זאָלן לעבן די בײמער פֿון ערעץ־ישׂראל! — רופֿט אויס דער לערער.

— זאָלן לעבן די בײמער פֿון ערעץ־ישׂראל! — רופֿן אויס די קינדער.

נאָכן פֿלאַנצן טאַנצט מען.

די קינדער נעמען זיך אָן פֿאַר די הענטלעך. זיי מאַכן אַ גרויסן קרײַז.

זיי טאַנצן און זינגען פֿריילעכע לידער.



# 58. כאַמישאָסאָר (חמשה עשר) אין שול

אַ טאָג פֿאַר כאַמישאָסאָר האָט דער לערער אָנגעזאָגט צוויי זאַכן:

איינס — מאָרגן קומט מען אין שול אַריַין אָן ביכער. מאָרגן וועלן מיר ניט לערנען. מאָרגן וועלן מיר פּראַווען אַ סודע (סעודה).

צוויי — יעדער זאָל מיטברענגען עטלעכע סענט.

מאָטל האָט געפרעגט:

— וויפל זאָל מען ברענגען?

— ברענגט וויפל איר קענט! — האָט דער לערער געזאָגט. — ברענגט איין סענט, צוויי סענט אָדער אַ ניקל.

— און מער קען מען ניט ברענגען?

— איר קענט ברענגען אַפילע (אפילו) אַ מיליאָן, אָבער אַ סענט איז אויך גוט.

☆

דעם אַנדערן טאָג זיינען די קינדער געקומען אין שול אַריַין אָן ביכער.

די קינדער פון אַלע קלאַסן זיינען געווען צוזאַמען. מען האָט זיך אויסגעזעצט ביי געדעקטע טישן.

עטלעכע מאַמעס האָבן איינגעקויפט פאַרשיידענע פּיירעס (פּרות). זיי האָבן געקויפט פּיירעס, וואָס וואַקסן אין ערעץ־יִיסראָעל (ארץ־ישראל).

זיי האָבן געקויפט מאַראַנצן, טייטלען, מאַנדלען, פייַגן, ראָזשינקעס און באָקסערן.

צו עטלעכע קינדער פון יעדן קלאַס האָבן געהאָלפן סערווירן די פרוכטן.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די פייַערונג. פון יעדן קלאַס האָבן עטלעכע קינדער עפּעס געלייענט, דערציילט אָדער דעקלאַמירט.

מען האָט געזונגען ייִדישע און העברעאישע לידער.

דערנאָך האָט מען געגעסן די גוטע פרוכטן. אַלע

קינדער האָבן געשמאַק געגעסן. אַלע קינדער זײַנען געווען לוסטיק און פֿריילעך.

☆

צום סאָף (סוף) איז דער לערער אויפֿגעשטאַנען. ער האָט אַרויסגענומען אַ בלויע פּושקע און געזאָגט:

— דאָס איז אַ נאַציאָנאַל - פֿאָנד - פּושקע.

אין דער נאַציאָנאַל־פֿאָנד־פּושקע קלײַבט מען געלט פֿאַר ערעץ־ייִסראָעל (ארץ־ישראל).

מיטן געלט פֿון דער נאַציאָנאַל־פֿאָנד־פּושקע קויפֿט מען לאַנד אין ערעץ־ייִסראָעל (ארץ־ישראל).

מיטן געלט פֿון דער נאַציאָנאַל־פֿאָנד־פּושקע פֿלאַנצט מען אין ערעץ־ייִסראָעל נײַע ביימעלעך.

— ווער האָט געבראַכט געלט?

אַלע קינדער האָבן אויפֿגעהויבן די הענט.

אַלע קינדער האָבן געבראַכט געלט.

איין קינד נאָכן אַנדערן איז צוגעקומען צו דער נאַציאָנאַל־פֿאָנד־פּושקע און אַרײַנגעוואָרפֿן זײַן געלט.

אַז יאָסעלע האָט אַרײַנגעוואָרפֿן דאָס געלט, האָבן זײַנע אייגעלעך געפֿלאַמט. זײַן הערצעלע האָט געקלאַפּט.

אין דער היים האָט יאָסעלע געזאָגט צו זײַן מאַמען:

— מאַמע, מיר דוכט, אַז כאַמישאָסאָר (חמשה עשר) איז נאָך שענער פֿון כאַנוקע (חנוכה).



## 59. אַ כאַמישאָסאָר־ליד

דאָ איז נאָך ווינטער, אַ פראָסט און אַ קעלט.
דאָ איז נאָך אַלעס מיט שנייען באַדעקט;
אָבער אין ערעץ־ייִסראָעל אַ ציינד
די ביימער צום לעבן דער פרילינג שוין וועקט.

אין ערעץ־ייִסראָעל ווארעם שוין היינט,
אין ערעץ־ייִסראָעל קומט פרילינג אַפּ׳ס ניי;
די ביימער שוין הייבן צו בליִען דאָרט אָן
און קינדערלעך שפּילן זיך שוין אויף דער פריי.

אַ יאָמטעוו (יום טוב) אַ שיינער, אַ ליבער איז דאָ.
געקומען כאַמישאָסאָר איז ווידער אַמאָל.
טאָ לאָמיר־זשע עסן די פרוכטן געשמאַק
און בענטשן די ביימער פון ערעץ־ייִסראָעל.



## 60. פּורים

נאָך כאַמיש־אָסאָר (חמשה עשר) קומט פּורים.
פּורים איז דער פריילעכסטער פון אַלע ייִדישע יאָ־מים־טויווים (ימים־טובים).

פּורים מאַכט מען אַ פּורים־סודע (סעודה).
פּורים עסט מען אַ פּורים־קוילעטש.
פּורים עסט מען האָמען־טאַשן (המן).
פּורים שיקט מען שאַלאַכמאָנעס (שלח־מנות).
פּורים פאַרשטעלט מען זיך.
פּורים טוט מען אָן מאַסקעס.

פּורים גראַגערט מען מיט גראַגערס.
פּורים לייענט מען די מעגילע (מגילה).
אין דער מעגילע (מגילה) לייענט מען די געשיכטע פון פּורים.



## 61. די געשיכטע פון פּורים

א נאַרישער קעניג

די געשיכטע פון פּורים האָט פּאַסירט אין פּערסיע.
פּערסיע איז דעמאָלט געווען גרויס און שטאַרק.
דער קעניג פון פּערסיע האָט געהערשט איבער אַ סאַך (סך) לענדער.
אויך איבער ערעץ־יסראָעל (ארץ־ישראל) האָט ער געהערשט.
איין מאָל איז דאָרט געווען אַ קעניג מיטן נאָמען אַכאַשווייראָש (אחשורוש).
אַכאַשווייראָש (אחשורוש) איז געווען אַ נאַר.
ער איז געווען אַ שויטע (שוטה) און אַ טיפּעש (טפּש).
אַלץ, וואָס מען האָט אים דערציילט, האָט ער געגלייבט.
אַלץ, וואָס מען האָט אים געזאָגט, האָט ער געטאָן.

## דער בייזער האָמען (המן)

דער קעניג אַ כאַשווייראָש (אחשורוש) האָט געהאַט אַן עלטסטן מיטן נאָמען האָמען (המן).

האָמען איז געווען זייער אַ שלעכטער.

ער איז געווען אַ גרויסער ראָשע (רשע).

ער איז געווען אַזוי שלעכט ווי היטלער.

ער האָט זייער פֿיינט געהאַט די ייִדן.

האָט האָמען (המן) דערציילט דעם קעניג, אַז די ייִדן זיינען שלעכטע מענשן. דער ליגנער האָמען האָט געזאָגט, אַז די ייִדן זיינען די ערגסטע מענשן אויף דער וועלט.

ער האָט געזאָגט: די בעסטע זאַך וועט זיין, אַז מען וועט אַלע ייִדן אויסהאַרגענען (אויסהרגענען).

## האָמען שיקט אַ רויס בריוו

דער נאַרישער אַ כאַשווייראָש (אחשורוש) האָט ניט לאַנג געטראַכט. ער האָט באַלד געגלייבט, וואָס האָמען האָט אים דערציילט.

ער האָט געזאָגט צו האָמענען:

— טו מיט די ייִדן, וואָס דו ווילסט.

טו מיט די ייִדן, וואָס דיין האַרץ גלוסט.

האָט האָמען (המן) באַלד אַרויסגעשיקט בריוו אין אַלע שטעט פֿון פּערסיע. אין די בריוו האָט ער געשריבן, אַז אין דעם דרייצנטן טאָג פֿונם ייִדישן כוידעש אָדער (אדר) זאָל מען אַלע ייִדן אויסהאַרגענען (אויס-הרגענען).

מען זאָל קיינעם ניט לאָזן לעבן. אַפּילע (אפילו) קליינע קינדער זאָל מען ניט שאַנעווען.

האָמען (המן) האָט זיך זייער געפרייט.

— איצט וועט שוין נעמען אַ סאָף (סוף) צו די ייִדע־לעך! — האָט המן געזאָגט.

ער איז געווען זייער צופרידן.

מאָרדכע (מרדכי) און עסטער (אסתר)

אָבער דער ראָשע האָמען (רשע המן) האָט געמאַכט אַ גרויסן טאָעס (טעות).

ער האָט ניט געוואוסט, אַז דעם קעניגס פרוי, עסטער (אסתר), איז געווען אַ ייִדיש קינד. ער האָט ניט געוואוסט, אַז זײַן סוינע (שונא) מאָרדכע (מרדכי) איז עסטערס (אסתרס) אַ נאָענטער קאָרעוו (קרוב).

דער ראָשע האָמען האָט זיך אומזיסט געפרייט! ווי נאָר מאָרדכע (מרדכי) האָט געהערט, וואָס האָמען (המן) האָט אָפּגעטאָן, האָט ער די זאַך באַלד געלאָזט וויסן עס־טערן (אסתרן).

עסטער (אסתר) איז געווען זייער אַ שיינע. זי איז געווען זייער אַ כיינעווודיקע (חנעוודיקע). זי האָט גע־האַט אַ גוט האַרץ. זי האָט ליב געהאַט איר פאָלק און אירע ברידער.

איז עסטער (אסתר) געגאַנגען צום קעניג, צו בעטן פאַר די ייִדן.

## עסטער (אסתּר) בעט פֿאַר די ייִדן

אַז דער קעניג אַכאַשווייראָש (אַחשורוש) האָט דער־זען עסטערן (אסתּרן), האָט ער זי געפֿרעגט:

— וואָס ווילסטו, מײַן טײַערע עסטער (אסתּר)?

וואָס ווילסטו, מײַן טײַערע מאַלקע (מלכּה)?

האָט עסטער (אסתּר) דערציילט דעם קעניג אַלץ, וואָס האַמען (המן) האָט אָפּגעטאָן. עסטער האָט גע־זאָגט:

— האַמען איז אַ גרויסער ליגנער: די ייִדן זײַנען ניט קיין שלעכטע מענטשן. ער אַליין איז אַ בייזער און אַ שלעכטער.

אויך מיך, דײַן קעניגין, וויל ער אומברענגען. אויך מאָרדכען (מרדכין), דײַן פֿרײַנד, וויל ער אויפֿהענגען.

— יאָ, יאָ, ער האָט שוין אַפֿילע (אַפֿילו) פֿאַר אים גע־מאַכט אַ טליע (תּליה), — האָט איינער פֿונם קעניגס די־נער געזאָגט.

## האַמענס מאַפּאָלע (המנס מפּלה)

אַז דער קעניג אַכאַשווייראָש (אַחשורוש) האָט דאָס געהערט, איז ער שטאַרק אין קאַעס (כּעס) געוואָרן.

דער קעניג האָט געשריען:

— ווער האָט געוואַגט צו טון אַזאַ זאַך?

ווער האָט געוואַגט שלעכטס צו טון מײַן קעניגין עסטער (אסתּר)?

ווער האָט געוואַגט צו מאַכן אַ טליע (תּליה) פֿאַר מײַן פֿרײַנד מאָרדכע (מרדכי)?

און אַ כּאַשוויי רויש האָט אַ געשריי געטאָן:

— נעמט האָמענען (המנען) און הענגט אים אויף!

האָט מען אַזוי געטאָן. אויף דער טליע (תליה), וואָס האָמען האָט צוגעגרייט פאַר מאָרדכען, איז ער אַליין אויפגעהאָנגען געוואָרן!

דער יאָמטעוו (יום־טוב)

איצט האָט שוין קיינער ניט געוואַגט די ייִדן שלעכטס צו טון.

די ייִדן זײַנען געווען גליקלעך. די ייִדן זײַנען גע־ראַטעוועט געוואָרן פון אַ גרויסער צאָרע (צרה).

האָבן זיך די ייִדן געמאַכט אַ פרייִלעכן יאָמ־טעוו (יום־טוב) — דעם יאָמ־טעוו פּורים.

אָט דאָס איז די געשיכטע פונם יאָמטעוו (יום־טוב) פּורים.



## 62. פּורים

מאַמע זאָגט, פאַר האָמען גאָר
האָט מען פּורים יעדעס יאָר.
און וואָלט האָמען ניט געווען,
וואָלט נעס (נס) פּורים ניט געשען.

ס'איז דאָך דאָ אַזוי פיל האָמענס (המנס)
אויף דער וועלט, אָ מאַמע, זאָג!
זאָג, פאַרוואָס איז פּורים איינער?
ס'קען דאָך זײַן אַ יעדן טאָג!

## 63. הײַנט איז פּורים

הײַנט איז פּורים, בין איך פֿרײלעך.
זעט אַן אויסזען, קוקט אַ הוילער (הולך)!
אויפֿן קאָפּ טראָג איך אַ קאַסקע
און דאָס פּאָנעם (פּנים) אין אַ מאַסקע.

זאָגט, ווער בין איך, אַדעראַבע (אדרבא),
צי אַ זיידע, צי אַ באָבע?
רופֿט מיך אָן מיט יעדן נאָמען:
מאָרדכע, עסטער, נאָר ניט האָמען!



## 64. שאַלאַך־מאָנעס (שלח־מנות)

לאָמיר שיקן שאַלאַך־מאָנעס,
איך צו דיר און דו צו מיר.
דו וועסט שיקן זיסע מאָנדלעך,
האָמען־טאַשן איך צו דיר.

עפּשער (אפשר) ווילסטו גאָר אַ גראַגער?
טאָ זאָל זײַן ווי דיר געפֿעלט.
איך האָב דאַווקע (דווקא) ליב די מאָנדלעך
מער פֿון אַלעם אויף דער וועלט.

פּורים איז דער שענסטער יאָמטעוו (יום־טוב),
קיינער איז מיר דעמאָלט גלײַך.
ווײַל מיט זיסע האָניק־מאָנדלעך
בין איך ווי אַ קעניג רײַך.

## 65. האָמען (המן) האָט געוואָלט

האָמען האָט געוואָלט די ייִדן אומברענגען.
האָט מען אים אַליין אויפגעהאָנגען.
האָמען האָט געוואָלט די ייִדן טון אַ צאָרע (צרה),
איז ער אַליין געוואָרן די קאַפּאָרע (כפרה).



## 66. דער פֿרילינג קומט

פּורים־צײַט ווערן די קעלטן שוואַכער און שוואַכער.
די שנייען פֿאַלן זעלטענער און זעלטענער.
די ווינטער־כמאַרעס גייען אַוועק.
די זון שײַנט אויפֿן בלויען הימל.
די זון הייבט אָן שטאַרקער צו וואַרעמען.
וואַרעמע ווינטלעך הייבן אָן צו בלאָזן.

דער שניי אויף די פֿעלדער ווערט צעשמאָלצן.
די טײַכן וואַרפֿן פֿון זיך אַראָפּ דאָס אײַז.
טײַכעלעך און ריטשקעלעך מורמלען,
טײַכעלעך און ריטשקעלעך זינגען:

דער ווינטער גייט אַוועק.
דער ווינטער גייט אַוועק.

אַ ביסל שפּעטער באַווײַזן זיך די ערשטע גראָזן.
עס קומען אַרויס די ערשטע בלימעלעך.
די ביימער באַדעקן זיך מיט יונגינקע בלעטעלעך.
די ביימער באַדעקן זיך מיט צוויט.

די פֿייגל קומען צוריק פֿון די וואַרעמע לענדער.
די פֿייגל בויען נייע נעסטן.
די פֿייגעלעך צווּיטשערן.
די פֿייגעלעך זינגען:

צווי־צווי, צווי־צווי,
אַ גאַסט איז דאָ.
צווי־צווי, צווי־צווי,
פֿרילינג איז געקומען.



## 67. עפֿנט טירן

עפֿנט טירן, קומט אין דרויסן,
רייסט די פֿענסטער, ברעכט זיי אויס!
נעמט אַריין דעם גאַסט דעם גרויסן,
קומט אַנטקעגן אים אַרויס.

ס'איז היינט יאָמטעוו (יום־טוב) אין די גערטנער,
אויף די גאַסן, אומעטום.
ס'איז היינט ליכטיק, זעט נאָר, הערט נאָר,
ווי עס טאַנצן ווינטן אום.

הערט נאָר, ווי די צווייגן טרישטשען,
און דער טייך ווי שרייט און ברומט.
הערט נאָר פֿייפֿן, הערט סוויסטשען —
קומט אין דרויסן, גיכער קומט!

# 68. צוויטשי, צוויטשעריי

צוויטשי, צווי טשי, צוויטשעריי,
פרילינג קומט שוין אויף דאָס ניי.
פייגל גרויסע, פייגל קליינע,
אַלע פריילעכע און שיינע,
קומען אָן מיט צוויטשעריי,
מיטן פרילינג אויף דאָס ניי.

— פון וואַנען פליט איר, כעוורע (חברה)-לייט?
— צוויטשי, צוויטשי פון דער ווייט.
פון די וועלדער, פון די פעלדער,
פון די וואַרעמע דאָרעם (דרום)-לענדער,
צוויטשי, צוויטשי, פון דער ווייט,
צו אייך, קינדער, כעוורע (חברה)-לייט!

# 69. העברעאישע ווערטער אין יידיש*

מען לייענט

| אויף העברעאיש: | | אויף יידיש: | |
|---|---|---|---|
| שָׁבוּעוֹת | (שאָוואו אוים) | שבועות | (שוואו עס) |
| פֶּסַח | (פעסאַך) | פסח | (פייסאַך) |
| יוֹם־טוֹב | (יוים־טויוו) | יום־טוב | (יאָמטעוו) |
| עֶרֶב | (ערעוו) | ערב | (ערעוו) |
| סְעוּדוֹת | (סעאודוים) | סעודות | (סודעס) |
| סִינַי | (סינאַי) | סיני | (סינאַי) |
| מִצְרַיִם | (מיצראַיים) | מצרים | (מיצראַיים) |
| מֹשֶׁה | (מוישע) | משה | (מוישע) |

* זע אַריינפיר, זייטן XI ביז XII.

און אַזוי ווײַטער:

| | | | |
|---|---|---|---|
| מוֹרָא | מורא | תּוֹרָה | תורה |
| קוֹל | קול | אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל | ארץ־ישראל |
| חוּץ | חוץ | מַתָּנוֹת | מתנות |
| שַׁבָּת | שבת | כֹּהֲנִים | כהנים |
| כָּבוֹד | כבוד | בֵּית־הַמִּקְדָּשׁ | בית־המקדש |
| גַּנָּב | גנב | יְרוּשָׁלַיִם | ירושלים |
| עֵדוּת | עדות | כְּסֵדֶר | כסדר |
| חָבֵר | חבר | חֶדֶר | חדר |
| | | לְכָבוֹד (ליִכוּוויד) | לכבוד (לעקאָוועד) |

## 70. פּסח קומט

פּסח (פּײסאַך) איז אַ גרויסער יום־טוב (יאָמטעוו).

פֿיר וואָכן נאָך פּורים קומט דער יום־טוב (יאָם־טעוו) פּסח (פּײסאַך).

פּסח איז אַ שײנער יום־טוב.

פּסח עסט מען מצות (מאַצעס).

פּסח עסט מען נישט קײַן חמץ (כאָמעץ).

ערב פּסח (ערעוו־פּײסאַך) טראָגט מען אַרויס די כאָמעצדיקע כּלים (קײלים).

ערב פּסח נעמט מען אַרײַן די פּײסאַכדיקע כּלים (קײלים).

אין אָוונט פֿון ערב פּסח פּראַוועט מען דעם ערשטן סדר (סײדער).

אין אָונטט פונם ערשטן טאָג פּסח פּראַוועט מען דעם צווייטן סדר (סיידער).

ביים סדר טרינקט מען פיר כּוסות (קויסעם) וויין.

די קליינע קינדער פרעגן די פיר קשיות (קאַשעס).

פּסח צום סדר קומט אַ גאַסט: אליהו הנביא. (איילייאָהו האַנאָווי).

קיינער זעט אים ניט.

קיינער הערט אים ניט.

אָבער מען שטעלט פאַר אים אַ כּוס (קאָס) מיט וויין.

מען עפנט פאַר אים די טיר.

אויף פּסח פאַרפּוצט מען די קינדער אין נייע קליידער.

די קינדער שפּילן אין ניס.

פּסח איז אַכט טעג.

פּסח זאָגט מען: גוט יום־טוב, גוט יום־טוב.




# 71. פּסח

מאַמע פּוצט אויס
אויף פּסח דאָס הויז.
די כּלים (קיילים) די אַלטע
טראָגט זי אַרויס.

נייַ בלאַנקע כּלים
נעמט זי אַריין.

וועט אונזער דירה (דירע)
אַ פּאַלאַץ גאָר זײַן.

וועסט אַלײן זען,
בײַ אונז וועט זײַן שײן.
אליהו הנביא (איליִאָהו האַנאָווי!)
וועט קומען צו גײן.

בענטשן אונז אַלע,
טרינקען דעם ווײַן.
אין אונזער פּאַלאַץ
די ברכה (בראָכע) וועט זײַן.



## 72. אין ניס

קומט דער פּסח אָן,
שפּילן מיר אין ניס.
דרײַ טריט מיט די פיס
מעסט איך אָפּ אַף גיך
און איך טראַכט בײַ זיך:

קלײן איז דאָך מײַן פיסעלע,
נאָענט איז דאָס ניסעלע,
טרעף איך נאָר אין דעם,
טו איך עס אַ נעם,
פלינק, געשווינד און ראַש
גלײַך צו זיך אין טאַש.

און איך טרעף אַלץ גלײַך,
ווער איך טאַקע רײַך.
כ׳האָב אַ פולע ניס,
כ׳האָב אַ פולע ניס.

# 73. די געשיכטע פון פסח

### אין לאַנד מצרים (מיצראַיים)

אַמאָל, אַמאָל האָבן די ייִדן געלעבט אין לאַנד מצרים (מיצראַיים). אַ לאַנגע צײַט האָבן זיי געלעבט רויִק און צופֿרידן. די ייִדן זײַנען געווען פּאַסטעכער. זיי האָבן געהאַט אַ סך (סאַך) פֿיִ. זיי האָבן געפּאַשעט זייערע שאָף און רינדער. קיינער האָט זיי ניט געטשעפּעט. קיינער האָט זיי קיין שלעכטס ניט געטאָן.

### אַ נײַער קעניג

איין מאָל איז אויפֿגעשטאַנען אַ נײַער קעניג. דער נײַער קעניג איז געווען אַ שלעכטער מענטש. ער האָט פֿײַנט געהאַט די ייִדן. אים האָט פֿאַרדראָסן, וואָס די ייִדן לעבן אַזוי רויִק און צופֿרידן.

האָט דער שלעכטער קעניג געזאָגט צו זײַנע עלטסטע:

— זעט נאָר, ווי גרויס און שטאַרק די ייִדן זײַנען! דאָס איז ניט גוט. איך האָב מורא (מוירע), אַז מיר וועלן פֿון די ייִדן האָבן אַ סך (סאַך) צרות (צאָרעס). גיט אַן עצה (אייצע), וואָס צו טון מיט די ייִדן!

### די ייִדן ווערן שקלאַפֿן

די עלטסטע פֿונם קעניג האָבן געזוכט אַן עצה (אייצע). זיי האָבן געטראַכט און געטראַכט, ביז זיי האָבן אויסגעטראַכט אַזאַ פּלאַן:

אַלע ייִדן מוזן ווערן שקלאַפן. אַלע ייִדן מוזן טון די שווערסטע אַרבעטן. זיי זאָלן קנעטן ליים און מאַכן ציגל. זיי זאָלן בויען פּאַלאַצן פאַרן קעניג. זיי זאָלן בויען הײַזער און שטעט.

און עסן זאָל מען זיי געבן זייער ווייניק.

דעם שלעכטן קעניגס איז דער פּלאַן געפעלן געוואָרן. די ייִדן זײַנען געוואָרן שקלאַפן.

## אַ נײַע צרה

די ייִדן האָבן געטאָן די שווערסטע אַרבעטן. אויפֿפּאַסערס זײַנען געשטאַנען מיט לאַנגע בײַטשן. זיי האָבן געשלאָגן און געשריען: גיכער, שנעלער, פֿוילט זיך ניט!

די אויפֿפּאַסערס האָבן שטאַרק געשלאָגן. זיי האָבן געשלאָגן אָן רחמנות (ראַכמאָנעס).

אָבער דער שלעכטער קעניג איז נאָך אַלץ ניט געווען צופֿרידן. ער האָט געזאָגט: דאָס איז ניט גענוג. די ייִדן זײַנען נאָך אַלץ צו שטאַרק. די אַרבעט שאַט זיי גאָרניט. זיי ווערן ניט ווייניקער. זיי ווילן גאָרניט אויסשטאַרבן. מען מוז אויסטראַכטן עפּעס נײַס!

האָבן די עלטסטע פֿונעם קעניג געטראַכט און געטראַכט, ביז זיי האָבן אויסגעטראַכט אַזאַ זאַך:

אַלע נײַ־געבוירענע ייִדישע ייִנגעלעך זאָל מען אַרײַנוואַרפֿן אין טײַך אַרײַן.

האָט מען אַזוי געטאָן. די פּאָליס־לײַט זײַנען געגאַנגען פֿון הויז צו הויז. זיי האָבן געזוכט אין אַלע ווינקעלעך. אַז זיי האָבן געפֿונען אַ ייִדיש ייִנגעלע, האָבן זיי עס באַלד צוגענומען.

די ייִדישע מאַמעס זײַנען נאָכגעלאָפֿן. זיי האָבן געקלאָגט און געוויינט. אָבער עס האָט ניט געהאָלפֿן. פֿאַר די אויגן פֿון די מאַמעס האָט מען די ייִנגעלעך אַרײַנגעוואָרפֿן אין טײַך אַרײַן.

## אַ ייִנגעלע ווערט געבוירן

איין מאָל איז בײַ ייִדישע עלטערן געבוירן געוואָרן אַ ייִנגעלע. משה (מויִשע) האָט דאָס קינד געהייסן. האָט די מאַמע אַרײַנגעלייגט דאָס קינד אין אַ קעסטעלע. זי האָט גערופֿן איר טעכטערל מרים (מיריאָם) און האָט צו איר געזאָגט:

— לאָמיר דאָס קעסטעלע מיטן קינד אַוועקלייגן לעבן טײַך. אפשר (עפּשער) וועט אונדז גאָט העלפֿן. אפשר (עפּשער) וועט געשען אַ נס (נעס). אפשר (עפּשער) וועט דײַן ברודערל געראַטעוועט ווערן.

האָט די מוטער אַוועקגעלייגט דאָס קינד לעבן טײַך. משה'ס שוועסטער, מרים (מיריאָם), האָט זיך געשטעלט פֿון דער ווײַטן. זי האָט געוואָלט זען, וואָס מיטן קינד וועט געשען.

## משהילע ווערט אַ פּרינץ

ווי מרים שטייט אַזוי, קומט אָן דעם קעניגס טאָכטער. דעם קעניגס טאָכטער איז געווען אַ גוטע. זי האָט געהאַט אַ גוט האַרץ. אַז זי האָט דערזען דאָס קליינע ייִנגעלע, האָט זי עס באַלד ליב באַקומען. זי האָט אויף אים שטאַרק רחמנות (ראַכמאָנעס) געהאַט. האָט זי אויפֿגעהויבן דאָס קינד און עס מיטגענומען צו זיך אין פּאַלאַץ אַרײַן.

## משה אַנטלויפט

פון איצט אָן האָט דער קליינער משה׳לע געלעבט ווי אַ פּרינץ. אָבער ווען ער איז אויסגעוואַקסן, האָט ער באַלד אויסגעפונען, אַז ער קומט אַרויס פון יידן.

האָט משה׳ן שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס די יידן ליידן אַזוי פיל צרות (צאָרעס). ער האָט ניט געקענט צוזען, ווי מען פּייניקט זיינע ברידער.

איין מאָל האָט משה געזען, ווי אַ מיצרי שלאָגט אַ יידן. איז ער זייער אין כּעס (קאַס) געוואָרן און ער האָט דעם מיצרי געטויט.

איצט האָט משה מער ניט געקענט בלייבן אין מצרים (מיצראַיים). ער איז אַנטלאָפן אין דער מדבר (מידבאָר) אַריין.

## משה אין דער מדבר

אין דער מדבר (מידבאָר) איז משה געוואָרן אַ פּאַסטעך. ער האָט חתונה (כאַסענע) געהאַט און ער האָט געפּאַשעט די שאָף פון זיין שווער.

איין מאָל האָט משה געזען פון דער ווייטן, ווי אַ דאָרנבוים ברענט. אַז משה איז צוגעקומען נענטער, האָט ער דערהערט אַ קול (קאָל), וואָס האָט צו אים גערעדט:

— איך בין דער גאָט פון דיינע עלטערן!

איך בין דער גאָט פון די יידן!

גיי צוריק קיין מצרים (מיצראַיים) און באַפריי מיין פאָלק!

איז משה צוריקגעגאַנגען קיין מצרים (מיצראַיים).

## משה קומט צום קעניג

אויפן וועג קיין מצרים האָט משה באַגעגנט זיין על־טערן ברודער אַהרן (אַרן). זיי נען זיי ביידע צוזאַמען געגאַנגען צום קעניג.

אַז פּרעה (פּאַרע), דער קעניג, האָט זיי דערזען, האָט ער געפרעגט:

— וואָס ווילט איר? וואָס איז אייער פאַרלאַנג? האָט אַהרן (אַרן) געענטפערט:

— דער גאָט פון די יידן האָט אונז געשיקט צו דיר. דער גאָט פון אונזערע עלטערן פאַרלאַנגט, אַז דו זאָלסט אַרויסלאָזן אונזער פאָלק פון מצרים (מיצראַיים).

אַז פּרעה (פּאַרע) האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך שטאַרק צעבייזערט:

— ווער איז דער גאָט פון אייערע עלטערן? איך האָב פון אים קיינמאָל ניט געהערט. איך קען אים ניט. איך האָב פאַר אים קיין מורא (מוירע) ניט. איך וועל די יידן קיינמאָל ניט אַרויסלאָזן!

און איר, משה און אַהרן, גייט שנעל אַרויס פון דאַנען. מער זאָלט איר זיך פאַר מיינע אויגן ניט ווייזן. מער וויל איך אייערע פּנימער (פּענעמער) ניט אָנקוקן!

## די צען מכות

דעמאָלט האָט משה אויף די מענשן פון מצרים געבראַכט אַ סך צרות (אַ סאַך צאָרעס).

איין מאָל איז דאָס וואַסער פונם גאַנצן לאַנד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בלוט. קיין טראָפּן וואַסער צו

טריִנקען איז ניִט געווען. און אַנדער מאָל האָבן זיך באַ־וויזן זשאַבעס. די גאַסן זײַנען פֿול געוואָרן מיִט זשאַבעס. די זשאַבעס זײַנען אַרײַן אין די הײַזער. זיי זײַנען אַרײַן אין די בעטן. זיי זײַנען אַרײַן אין עסן. זיי זײַנען אַרויף אויף די מענטשן.

איין מאָל איז געקומען אַ שרעקלעכע פֿינסטערניש. און אַנדער מאָל זײַנען ביִזע חיות (כאַיעס) אָנגעפֿאַלן אויף פֿיִ און אויף מענטשן.

נײַן פֿאַרשיידענע מכּות האָט משה אָנגעשיִקט אויפֿן לאַנד מצרים. ערשט אַז ס'איז געקומען די צענטע מכּה (מאַקע), איז פּרעה ווייכער געוואָרן.

וואָס איז געשען? — אין יעדן הויז זײַנען פּלוצלונג געשטאָרבן די עלטסטע זין. פּרעה האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. האָט ער געשיִקט רופֿן משה'ן און אַהרנ'ען און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— נעמט אײַך אײַערע יידן און גייט אַרויס פֿון דאַנען. נעמט זיך אַלץ, וואָס איר פֿאַרמאָגט און גייט שנעל אַרויס פֿון מײַן לאַנד!

## די יידן פֿאַרלאָזן מצרים

אין גרויס איילעניש זײַנען די יידן אַרויס פֿון מצרים. אַפֿילו (אַפֿילע) ברויט צו באַקן האָבן זיי קיין צײַט ניִט געהאַט. האָט מען שנעל פֿאַרקנאָטן מעל מיִט וואַסער און געמאַכט דינע פּלעצלעך, אַזוי ווי מצות (מאַצעס).

אַז די יידן זײַנען שוין געווען לעבן ים־סוף (יאַם־סוף), האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע צרה (צאָרע).

דער בייזער פּרעה האָט חרטה (כאַראַטע) געהאַט, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט די יידן פון זיין לאַנד. האָט ער צונויפגענומען אַ גרויסע אַרמיי. ער האָט איינגעשפּאַנט זיינע רייטווע געגנער און ער האָט זיך גענומען נאָכיאָגן נאָך די יידן.

## פּרעהס סוף

אַז די יידן האָבן דערזען פּרעהס סאָלדאַטן, האָבן זיי זיך שטאַרק דערשראָקן. זיי האָבן זייער מורא (מוירע) געהאַט.

נאָר משה האָט זיך ניט דערשראָקן. נאָר משה איז ניט צעטומלט געוואָרן. משה האָט אויפגעהויבן זיין שטעקן און געשפּאָלטן דעם ים־סוף (יאַם־סוף)! די וואַסערן פונם ים האָבן זיך צעטיילט אין צוויי ען.

דער ים איז אויסגעטריקנט געוואָרן און די יידן זיינען שנעל אַריבער אויף דער אַנדערער זייט.

גראָד דעמאָלט איז פּרעה אָנגעקומען מיט זיינע סאָלדאַטן. ער האָט לאַנג ניט געטראַכט און איז אויך אַריין אין ים.

אָבער דאָ איז געקומען זיין ביטערער סוף (סאָף).

די וואַסערן פונם ים זיינען פּלוצלונג צוריקגעקומען. פּרעה מיט זיינע סאָלדאַטן זיינען אַלע דערטרונקען געוואָרן.

## דער יום־טוב

די יידן האָבן געזען, וואָס מיט פּרעהן איז געשען.

— איצט זײַנען מיר פֿרײַע מענשן! איצט זײַנען מיר מער ניט קײן שקלאַפֿן! אַזוי האָבן אַלע ייִדן אויסגערופֿן פֿון פֿרייד און גליק.

משה און אַלע ייִדן האָבן געזונגען.

מרים (מיריאַם) און אַלע פֿרויען האָבן געטאַנצט.

בײַ די ייִדן איז געווען אַ גרויסע שמחה (סימכע).

בײַ די ייִדן איז געווען אַ גרויסער יום־טוב (יאָמטעוו).

פֿון דעמאָלט אָן פֿײַערן אַלע ייִדן דעם יום־טוב פּסח גאַנצע אַכט טעג.



## 74. מאַי

ווי דער איז דער מאַי געקומען
מיט זײַן צויבער, מיט זײַן פּראַכט;
אַלע גראָזן, אַלע בלומען
האָבן ווידער אויפֿגעוואַכט.

ווידער בליט עס אין די פֿעלדער,
ווידער גרינט עס אין די וועלדער,
ווידער גלאַנצט עס אומעטום —
יעדעס בלעטל, יעדע בלום.



# 75. דאָס איז נישט גערעכט

דאָס ייִנגעלע:

פֿייגעלע, פֿייגעלע, פֿלי אַרויס,
קום צוריק און זאָג אונדז אויס:
וואו ביסטו געוועזן?
וואָס האָסטו געזען?

דאָס פֿייגעלע:

כ׳בין אין גאַנצן לאַנד געוועזן
און איך האָב געזען:
ערגעץ אין אַ שטיבעלע
קליינע קינדער ליידן נויט,
האָבן נישט קיין שטיקל ברויט.

די קינדערלעך:

דאָס איז ניט גערעכט,
דאָס איז זייער שלעכט,
דאָס איז זייער שלעכט.

דאָס ייִנגעלע:

פֿייגעלע, פֿייגעלע, פֿלי אַרויס,
קום צוריק און זאָג אונדז אויס:
וואו ביסטו געוועזן?
וואָס האָסטו געזען?

דאָס פֿייגעלע:

כ׳בין אין גאַנצן לאַנד געוועזן
און איך האָב געזען:
ערגעץ אין אַ שטיבעלע
קינדערלעך אָן פֿרייד,
אָן שיך און אָן אַ קלייד.

די קינדערלעך:

דאָס איז ניט געררעכט,
דאָס איז זייער שלעכט,
דאָס איז זייער שלעכט.



## 76. אַמאָל וועט זײַן

אַ מאָל וועט זײַן,
וואָס הײַנט איז נישטאָ:
קיינער אָרעם, קיינער רײַך,
אַלע פרײַ, אַלע גלײַך.

אַ מאָל וועט זײַן,
וואָס הײַנט איז נישטאָ:
קיינער הייבן וועט אַ האַנט
אויף זײַן שכנס (שאָכענס) לאַנד.

אַ מאָל וועט זײַן,
— ס'איז נאָך נישט הײַנט —
מענטש צו מענטש וועט זײַן
אַ חבר (כאַווער) און אַ פרײַנד.



## 77. ל״ג בעומר (לאַג־בוימער)

דריַי און דריַיסיק טעג נאָכן צווייטן טאָג פסח (פּיי־סאַך) האָבן מיר ל״ג בעומר (לאַג־בוימער).

ל״ג בעומר (לאַג־בוימער) איז אַ יום־טוב (יאָמ־טעוו) פאַר קינדער. ל״ג בעומר שפּילט מען זיך מיט פּיַיל און בויגן.

די קינדער נעמען ברעטעלעך און מאַכן זיך שווער־דעלעך. ל״ג בעומר פלעגט דער רבי (רעבע) מיט די קינדער גיין אין וואַלד אַריַין.

די קינדער האָבן זיך געשפּילט אין סאָלדאַטן. זיי האָבן געפאָכעט מיט די שווערדן. זיי האָבן געשאָסן מיט די בויגנס.

דערנאָך האָט מען זיך אויסגעזעצט אונטער אַ בוים. מען האָט געמאַכט אַ סעודה (סודע). מען האָט געגעסן גוטע זאַכן.

נאָך דער סעודה (סודע) האָט דער רבי (רעבע) דער־ציילט שיינע מעשה׳לעך (מיַיסעלעך).

דער רבי האָט דערציילט מעשה׳לעך פון ל״ג בעומר.



## 78. די געשיכטע פון ל״ג בעומר (לאַג־בוימער)

די רוימער

אַמאָל האָבן די רוימער געהערשט איבער ארץ־ישראל (עָרעץ־ייִסראָעל). די רוימער האָבן די ייִדן אָנ־

געטאָן גרויסע צרות (צאָרעס). די רוימישע סאָלדאַטן האָבן פאַרברענט דעם בית־המקדש (בייס־האַמיקדעש). זיי האָבן אויסגעהרגעט (אויסגעהרגעט) טויזנטער ייִדן.

זיי האָבן אַ סך (סאַך) ייִדן פאַרקויפט פאַר שקלאַפן. זיי האָבן גערויבט און געראַבעוועט.

די רוימער זײַנען געווען זייער שלעכט צו די ייִדן.

## בר־כּוכבא

אין אַ צײַט אַרום איז אין ארץ־ישׂראל (ערעץ־ייִשראָעל) אויסגעוואַקסן אַ גרויסער ייִדישער העלד. בר־כּוכבא (באַר־קאָכבע) איז געווען זײַן נאָמען. בר־כּוכבא איז געווען זייער שטאַרק. ער איז געווען אַ גרויסער גבור (גיבער). ער איז געווען דער שטאַרקסטער פון אַלע גבורים (גיבויריִם).

האָט בר־כּוכבא געזאָגט צו די ייִדן:

— קומט מיט מיר און לאָמיר מלחמה (מילכאָמע) האַלטן קעגן די רוימער. לאָמיר זיי אַרויסטרײַבן פון אונזער לאַנד.

אָבער די ייִדן האָבן זיך שטאַרק געשראָקן פאַר די רוימער. זיי האָבן מורא (מוירע) געהאַט צו גיין מיט בר־כּוכבאַ׳ן.

## רבי עקיבא

אין יענער צײַט האָט אין ארץ־ישׂראל (ערעץ־ייִסראָעל) געלעבט אַ גרויסער ייִדישער געלערנטער.

דער געלערנטער האָט געהייסן רבי עקיבא (ראַבי אַקיווע). ער האָט געהאַט זייער אַ סך תּלמידים (טאַל-

מ‎ידים). אַלע ייִדן האָבן רבי עקיבאַ'ן (ראַבי אַקיווען) ליב געהאַט. אַלע ייִדן האָבן רבי עקיבאַ'ן אָפּגעגעבן גרויס כבוד (קאָוועד). האָט איינער פון די ייִדן געזאָגט:

— לאָמיר גיין צו רבי עקיבאַ'ן און לאָמיר אים פרעגן, וואָס צו טון.

איז מען אַוועק צו רבי עקיבאַ'ן. אַז דער געלערנטער האָט דערזען בר־כוכבאַ'ן, האָט ער אויסגערופן:

— בר כוכבא איז צו אונז געשיקט פון גאָט. בר כוכבא וועט אַרויסטרײַבן די רוימער פון אונדזער לאַנד. איך און אַלע מײַנע תּלמידים (טאַלמידים) וועלן גיין מיט בר כוכבאַ'ן.

## די מלחמה

דעמאָלט האָט זיך אָנגעפאַנגען די מלחמה (מילכאָמע) קעגן די רוימער. בר כוכבא האָט צונויפגענומען אַ סך סאָלדאַטן.

יעדער סאָלדאַט איז געווען הויך ווי אַ ריז. יעדער סאָלדאַט איז געווען שטאַרק ווי אַ דעמב. אויך רבי עקיבאַ'ס תּלמידים זײַנען אַרײַן אין דער ייִדישער אַרמיי. האָבן טאַקע די רוימער געכאַפּט שטאַרקע קלעפּ. זיי זײַנען געפאַלן ווי שטרוי. בר כוכבא האָט זיי געשלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס.

## די מגפה

איין מאָל, נאָך פּסח (פּייסאַך), איז צווישן די ייִדישע סאָלדאַטן אויסגעבראָכן אַ מגפה (מאַגייפע). טויזנ־

טער סאָלדאַטן זײַנען קראַנק געוואָרן. טויזנטער סאָל־דאַטן זײַנען געשטאָרבן. אויך רבי עקיבאָ'ס תּלמידים (טאַלמידים) זײַנען געלעגן קראַנק. בר כּוכבאָ'ס אַרמײ איז געוואָרן זייער שוואַך. די רוימער האָבן זיך ווידער געשטאַרקט. די ייִדן זײַנען געווען אין אַ גרויסער געפאַר. די ייִדן זײַנען געווען אין אַ גרויסער סכּנה (סאַ־קאָנע).

דער נס

פּלוצלונג איז געשען אַ נס (נעס)! פּונקט ל"ג בעומר האָט די מגפה (מאַגייפע) אויפגעהערט. אַלע ייִדישע סאָלדאַטן זײַנען צוריק געזונט געוואָרן. אויך רבי עקיבאָ'ס תּלמידים זײַנען אויפגעשטאַנען פון זייער קראַנקהייט. אַלע ייִדישע סאָלדאַטן זײַנען ווידער אַרויס אין דער מלחמה (מילכאָמע) קעגן די רוימער.

פון דעמאָלט אָן פּײַערט מען יעדעס יאָר דעם יום־טוב ל"ג בעומר. מען גייט אין וואַלד אַרײַן. מען שפּילט זיך מיט פֿײַל און בויגן און מען פרייט זיך מיט דעם נס, וואָס איז געשען מיט רבי עקיבאָ'ס תּלמידים.



## 79. אין וואַלד אַרײַן

דורך אַ גויאיש געסעלע
ציִען קליינע קינדערלעך.
טראָגן שווערד און ביקסעלעך,
ממש (מאַמעש) ווי די זעלנערלעך.

שטייען בײַ דער זײַט פֿאַרגאַפֿט
שקאָציםלעך און שיקסעלעך:
וואָס ווילן דאָ די זשידעקלעך
מיט שווערדן און מיט ביקסעלעך?

און אויך די קליינע פֿייגעלעך
צעעפֿענען די פֿליגעלעך
און טשירקען דורכן גאַנצן וואַלד,
אַז ס׳גייט אַ מחנה (מאַכנע) יעגערלעך.

האָט נישט מורא (מוירע), שקאָציםלעך,
און וואַרפֿט אונז נישט קײַן שטיינדעלעך.
מיר גייען בלויז אין וואַלד אַרײַן,
אַ שטיף טון און אַ שפּיל טון זיך.

און אויך איר, ליבע פֿייגעלעך,
מעגט בלײַבן אויף די צווײַגעלעך;
זיך הערן אײַן מיט אונז באַגלײַך
צום רבינס (רעבנס) שיינע מעשה׳לעך (מײַסעלעך).

מיר׳ן פּראַווען אויך אַ סעודה׳לע (סודעלע)
פֿון אייעלעך און בייגעלעך,
און וועלן אײַך מכבד (מעכאַבעד) זײַן
מיט קרישקעלעך און ברעקעלעך.



# 80. שבועות

זיבן וואָכן נאָכן צווייטן טאָג פסח קומט דער יום־טוב שבועות.

שבועות פאַרפּוצט מען די שולן און די טעמפּלען מיט גרינע צווייגן. אַמאָל פלעגן די קינדער ערב שבועות גיין אין וואַלד אַריין. זיי פלעגן אָנרייסן גרינע צווייגן און בלומען. מיט די צווייגן און בלומען פלעגן זיי פאַרפּוצן די הייזער.

היינט פאַרפּוצט מען נאָר די שולן און די טעמפּלען.

שבועות גייען די פרומע ייִדן דאַווענען. נאָכן דאַווענען עסט מען צוויי סעודות. פריער עסט מען אַ מילכיקע סעודה. דערנאָך עסט מען אַ פליישיקע סעודה.

שבועות איז צוויי טעג. שבועות זאָגט מען: גוט יום־טוב, גוט יום־טוב!



# 81. די געשיכטע פון שבועות

לעבן באַרג סיני

אַז די ייִדן זיינען אַרויס פון מצרים, איז משה מיט זיי אַוועק צום באַרג סיני.

קאַרגע זיבן וואָכן האָט געדויערט ביז די ייִדן זיינען אַהין געקומען.

דאָ האָט משה געזאָגט צו די ייִדן:

— וואַשט זיך. רייניקט אײַערע קליידער. טוט זיך אָן יום־טובֿ'דיק און האַלט זיך גרייט, ווײַל אין דרײַ טעג אַרום וועט געשען אַ גרויסע זאַך!

אין דרײַ טעג אַרום זײַנען די ייִדן געשטאַנען לעבן באַרג סיני.

פּלוצלונג האָט עס אָנגעהויבן צו דונערן און צו בליצן. פֿונם באַרג האָבן זיך אַרויסגעריסן פֿײַערדיקע פֿלאַמען. דער באַרג האָט זיך געטרייסלט און געציטערט. דער באַרג סיני האָט זיך אײַנגעהילט אין אַ געדיכטן רויך. די ייִדן האָבן זייער מורא געהאַט. אויף די ייִדן איז אָנגעפֿאַלן אַ גרויסע שרעק.

## די צען געבאָט

דעמאָלט איז משה אַרויף אויפֿן באַרג און באַלד האָט זיך דערהערט אַ מעכטיק קול.

דאָס קול האָט געדונערט.

דאָס ערשטע געבאָט:

איך בין דײַן גאָט, וועלכער האָט דיך אַרויסגעפֿירט פֿון מצרים.

דאָס צווייטע געבאָט:

זאָלסט ניט האָבן קיין אַנדערע געטער אַ חוץ מיר.

דאָס דריטע געבאָט:

דו זאָלסט ניט אַרויסרעדן גאָטס נאָמען צו פֿאַלשקייט.

דאָס פֿערטע געבאָט:

היט אָפּ דעם טאָג שבת און האַלט אים הייליק.

דאָס פֿינפֿטע געבאָט:

גיב אָפּ כּבֿוד דײַן פֿאָטער און מוטער.

דאָס זעקסטע געבאָט:
דו זאָלסט ניט מאָרדן.

דאָס זיבעטע געבאָט:
דו זאָלסט ניט פירן קיין צעלאָזן לעבן.

דאָס אַכטע געבאָט:
דו זאָלסט ניט גנב'ענען.

דאָס ניינטע געבאָט:
דו זאָלסט ניט זאָגן קיין פאַלשע עדות.

דאָס צענטע געבאָט:
דו זאָלסט ניט גלוסטן דאָס האָב און גוטס פון דיין חבר.

אַלע ייִדן האָבן געהערט די צען געבאָט. אַלע ייִדן האָבן אויסגערופן מיט איין קול:

— מיר וועלן פאָלגן!

מיר וועלן פאָלגן!

אָט אַזוי האָבן די ייִדן באַקומען די תורה.

## אַ דאָפּלטער יום־טוב

שפּעטער, ווען די ייִדן האָבן שוין געלעבט אין ארץ־ישראל, איז שבועות געוואָרן אַ דאָפּלטער יום־טוב.

שבועות־צייט ווערן אין ארץ־ישראל צייטיק די ערשטע פרוכטן. פלעגן די פּאַרמער נעמען פון די ערשטע צייטיקע פרוכטן און ברענגען מתנות צו די כהנים פונם בית־המקדש.

פון אַלע עקן לאַנד פלעגן די ייִדן גיין קיין ירושלים. מיט פרייד און געזאַנג האָט מען געטראָגן צום בית־המקדש די ערשטע צייטיקע פרוכטן.

אַזוי איז שבועות געוואָרן אַ דאָפּלטער יום־טוב.
ערשטנס: שבועות האָבן די ייִדן באַקומען די תּורה.
צווייטנס: שבועות האָט מען זיך געפּרייט מיט די ערשטע צײַטיקע פּרוכטן.



## 82. גריִנס אויף שבועות

נאָך צווײַגעלעך, קינדער, אין וואַלד לאָזט זיך גיין,
און פֿריילעך מיט לידער כּסדר.
אַזוי ווי עס וואָלט אויף דער וועלט ניט געווען
קיין רבי, קיין קאַנטשיק, קיין חדר.

נאָך צווײַגעלעך, קינדער, נאָך צווײַגעלעך גייט!
און פּוצט אויס די אָרעמע שטיבעלעך.
דער וואַלד איז ניט ווײַט, הינטערן שטעטל ער שטייט,
און קוקט אַזוי שיין, אַזוי ליבלעך.

און זאַמט זיך וואָס לענגער, און רײַסט וואָס מער אָן.
ניט האָט פֿאַר די טאַטעס קיין מורא!
הײַנט מעגט איר אין וואַלד זײַן, מ׳וועט גאָרניט אײַך טון;
עס איז דאָך לכּבֿוד דער תּורה.



# דז טש זש דזש

## 83. ווערטער מיט צוזאַמענגעזעצטע אותיות

מען זאָגט האַלז און מען זאָגט אויך האַלדז.
מען זאָגט גאַנז און מען זאָגט אויך גאַנדז.
מען זאָגט אונז און מען זאָגט אויך אונדז.
מען זאָגט מענש און מען זאָגט אויך מענטש.

דער פֿאַסטעך היִט דיִ טשערעדע.
אַ קאַטשקע האָט אַ געלן שנאָבל.
דיִ פֿייִגל צוויִטשערן. דיִ צווייַגן טריִשטשען.
דער וויִנט סוויִסטשעט. אַ דייַטש רעדט דייַטש.
דיִ באָבע בענטשט ליִכט.

אַ זשאַבע קוואַקעט. אַ ביִן זשומט: זשום, זשום, זשום.
אַ זשיִראַף האָט זייִער אַ הויכן האַלז.
אַ יאָזש האָט שטעכלקעס אויפֿן גוף.
דיִ פֿייִגל עסן אויף אַ סך זשוקעס.
אַ קאַרגער זשאַלעוועט זיִך אַ שטיִקל ברויט.

איִן אַ גרויסער שטאָט קען מען לייַכט פֿאַרבלאָנדזשען.
דער ענגליִשער קעניִג הייִסט דזשאָרדזש.
דזשעק איִז אַ נאָמען.
בריִדזש איִז אויף ייִדיִש בריִק.
דזשון איִז אויף ייִדיִש יוניִ.



# 84. די טײלן פון אַ וואָרט

דאָס וואָרט מאַמע האָט צוויי טײלן: מאַ־מע.
דאָס וואָרט באַל האָט אײן טײל: באַל.
דאָס וואָרט ביכעלע האָט דרײַ טײלן: בי־כע־לע.
דאָס וואָרט אַמעריקע האָט פיר טײלן: אַ־מע־רי־קע.

די טײלן פון אַ וואָרט רופט מען טראַפן.

וויפל טראַפן האָט דאָס וואָרט זי?
— דאָס וואָרט זי האָט . . .
וויפל טראַפן האָט דאָס וואָרט באָבע?
— דאָס וואָרט באָבע האָט . . .
וויפל טראַפן האָט דאָס וואָרט כײַקעלע?
— דאָס וואָרט כײַקעלע האָט . . .
וויפל טראַפן האָט דאָס וואָרט לעבעדיקע?
— דאָס וואָרט לעבעדיקע האָט . . .

דער ערשטער טראַף פונם וואָרט יאָ־סע־לע איז יאָ.
דער צווייטער טראַף פונם וואָרט יאָ־סע־לע איז סע.
דער דריטער טראַף פונם וואָרט יאָ־סע־לע איז לע.



# 85. אי איַ איי או אוי אין מיטן וואָרט

בײַם אָנפאַנג פון אַ נײַעם טראַף שרײַבט מען
אי איַ איי או אוי
אויך אין מיטן וואָרט.

רו־אִיק, פאַר־אײַ־ניק־טע, באַ־פרײַ־אונג, פאַר־אומ־רײַ־ניקט, באַ־נײַ־אונג, אִינ־אײַ־נעם, העב־רע־אִיש.

אָט ווי מען שרײַבט:

אַ גוטער שילער זיצט רואיק אין קלאַס.

אונזער לאַנד הייסט די פאַראייניקטע שטאַטן.

פסח פײַערט מען די באַפרײַאונג פון מצרים.

אנטיוכוס האָט פאַראומרייניקט דעם בית־המקדש.

לאָמיר אַלע אינאײנעם זינגען און טאַנצן אין קאָן.

אין ארץ־ישראל רעדט מען העברעאיש.



## 86. מען שטעלט אַרײַן אַן א (אַלף)

צווישן וו און ו

צווישן וו און וי

צווישן ו און וו

שטעלט מען אַרײַן אַן א (אלף).

וואו, וואוהין, וואוינט, וואוינונגען, וואונד, וואונדער, וואולקאַן, מואווי, יואוועליר, וואויל.

וואו געפינט מען אַ סך חלוצים? — אין ארץ־ישראל געפינט מען אַ סך חלוצים.

וואוהין פאָרט אַ חלוץ? — אַ חלוץ פאָרט קיין ארץ־ישראל.

אונזער פּרעזי:דענט וואוינט אי:ן וואַשי:נגטאָן.
אַ גרויס הויז האָט אַ סך וואוינונגען.
אַ דאָקטער באַנדאַזשי:רט אַ וואונד.
משה רבנו האָט געטאָן אַ סך וואונדער.
אַ וואולקאַן שפּרי:צט מי:ט פֿײַער.
אי:ן אַ מואווי:־טעאַטער ווײַזט מען מואווי:־בי:לדער.
אַ יואוועלי:ר פֿאַרקויפֿט צי:רונג.
דער לערער האָט לי:ב די: וואוילע שי:לער.



## 87. ווערטער מי:ט ווי:כע קלאַנגען (1)

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| לאַ | — | ליאַ | צע | — | ציע |
| לאָ | — | ליאָ | צו | — | ציו |
| לע | — | ליע | דאַ | — | דיאַ |
| לו | — | ליו | דע | — | דיע |
| נאָ | — | ניאָ | זאַ | — | זיאַ |
| נע | — | ניע | זאָ | — | זיאָ |
| נו | — | ניו | טאַ | — | טיאַ |
| סע | — | סיע | טע | — | טיע |

די: מאַמע זי:נגט: אַליע, ליוליע, אַליע ליו.
דער פֿעטער עליע שפּי:לט מי:ט אַ קאַפּעליע.
אַ פּאָליאַק רעדט פּויל:יש.
אַ שכּור זשליאָקעט פֿון דער פֿלאַש.

די קליאַמקע שטעקט אין דער טיר.
אַ פּאַיאַץ מאַכט זיך אַ לאַנגע נאָניע.
די באָבע זאָגט: גאָטעניו, טײַערער, גאָטעניו, האַר־
ציקער.
זיסעלעס באָבע הייסט פּעסיע.
זיסעלעס זיידע הייסט איציע.
פּאָזיאָמקעס וואַקסן אין וואַלד.
אַז מען דערשרעקט זיך, טיאָכקעט דאָס האַרץ.



## 88. ווערטער מיט ווייכע קלאַנגען (2)

אַ קליין מיידעלע שפּילט זיך מיט אַ ליאַלקע.
יאָסעלעס זיידע רייכערט אַ ליולקע.
מאָטלס באָבע הייסט עלקע.
מאָטלס פֿעטער הייסט ליפּע.
מאָטלס מומע הייסט ציפּע.

אַ שפּילקע האָט אַ שפּילקע־קעפּל.
אַ בלינדער האָט בעלמעס אויף די אויגן.
אַ שמיד האָט אַ קוזניע.
וואַסיל איז אַ רוסישער נאָמען.



# 89. זומער

זומער איז הייס. די זון בראָט און ברענט. אין די פעל־דער און אין די גערטנער קאָכט די אַרבעט. די פּאַר־מערס אַרבעטן זייער פלייסיק. מען שנײַדט די תבואה. מען נעמט אַראָפּ די פּרוכטן.

אין שטאָט איז זייער הייס. יעדער בענקט נאָך אַ קיל ווינטעלע. יעדער בענקט נאָך דעם שאָטן פון אַ בוים. אַלע גערטענער זײַנען פול מיט קינדערלעך. אין אַלע טײַכן באָדט מען זיך. די ברעגעס פון די ים'ען זײַנען פול מיט מענשן.

זומער האָבן די שול־קינדער וואַקאַציע. צוויי מאָ־נאַטן גייט מען ניט אין שול אַרײַן. אַ סך קינדער פאָרן אַרויס אין קעמפּס און אין זומער־פּלעצער. מען אָטעמט אַרײַן אַ סך פרישע לופט. מען ברענט זיך אָפּ אויף דער זון. מען באָדט זיך אין טײַך אָדער אין אָזערעס. מען שפּילט פאַרשיידענע שפּילן און מען קריגט אַ גוטן אַפּע־טיט.

☆

איין מאָל האָט יאָסעלע געהערט, ווי די מאַמע האָט געזאָגט צום טאַטן:

— בעני, אפשר וועלן מיר אונזערע קינדער שיקן אין אַ קעמפּ אַרײַן זומער?

דער טאַטע האָט געענטפערט:

— איך האָב שוין לאַנג דערפון געטראַכט, אָבער עס איז נישט מעגלעך. בײַ מיר אין שאַפּ איז איצט סלעק. מען פאַרדינט זייער ווייניק. נישטאָ קיין געלט.

האָט די מאַמע געזאָגט:

— אפשר וועלן מיר באָרגן?

האָט דער טאַטע געענטפערט:

— איך באַרג שוין פון לאַנג. איך מוז שיקן געלט צו אונזערע קרובים אין איראָפּע. דער רשע היטלער האָט ביי זיי אַלץ צוגענומען. זיי זײַנען אַנטלאָפן נאַקעט און באָרוועס. זיי לײַדן הונגער און נויט. ס'איז נאָך אַ גליק, וואָס זיי זײַנען אַרויס מיטן לעבן. ווער־זשע זאָל זיי העלפן, אַז נישט מיר?

די מאַמע האָט געשוויגן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער טאַטע איז גערעכט.

אַז דער טאַטע איז אַרויסגעגאַנגען, איז יאָסעלע אַרײַן צו דער מאַמען אין קיך. ער האָט געזאָגט:

— מאַמע, איך וויל נישט פאָרן אין קײַן קעמפּ. אַ סך קינדער פון דער שול בלײַבן אין שטאָט. מאָטל און שי־מעלע פאָרן נישט. אויך טאָבי בלײַבט דאָ. וועלן מיר זיך צוזאַמען שפּילן אין פּאַרק. מיר וועלן פײַן פאַרברענ־גען. מיר דאַרפן נישט קײַן קעמפּ.

האָט די מאַמע געפרעגט:

—דו האָסט געהערט, וואָס איך האָב גערעדט מיטן טאַטן?

יאָסעלע האָט געשוויגן. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס קעפּעלע.

דער מאַמעס אויגן זײַנען פײַכט געוואָרן. זי האָט יאָ־סעלען אַרומגענומען. זי האָט אים אַ קוש געטאָן אויפן שטערן און געזאָגט:

— דו ביסט אַ קלוג יינגעלע. דו ביסט אַ טײַער קינד.



# 90. זון אין הימל

זון אין הימל, זון אין הימל,
שיק אונז, שיק אונז ליכט א סך!
ליכט אויף בערג און ליכט אויף טאָלן,
ליכט אין שטוב און אויפן דאַך.

זון אין הימל, שיק דיין ליכט אונז
פאַר דעם פויגל אויפן צווייַג.
פאַר דעם לעמעלע אין שטעלכל,
פאַר דעם הינדעלע אין שטייַג.

שיק דיין ליכט פאַר אַלע, וואָס אָטעמט
אין דער שטאָט און אויפן פעלד;
פאַר די מענשן, פאַר די גראָזן —
פאַר דער גאַנצער, גאַנצער וועלט.

